מאיר שטיקער

# יידישע לאנדשאפט



ניו־יאָרק
1958

# יידישע לאנדשאפט

דאָס בוך בלענדט אָפּן.
אַ שורה קראָען
דרימלען לאַנגע אומענדליכע שעהן.
די קליינע ווערטער פינטלען פאַרשלאָפן.

דאָס מאָגערע גראָז אויפן הייליקן אָרט
דעקט זיי אַלעמען צו.
נאָר איך אַליין האָב ניט קיין רו
און קליב אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט.

דער שפּעטער האַרבסטווינט וואָיעט.
איך קליב אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט.
נאָר אויפן הייליקן אָרט
בלייבן די קברים אויפגעראָיעט.

# דריי אַלטע ליבע־לידער

## I

די בלום בליט שענער אין דער ראָסע,
דאָס גראָז געדייעט אויף דער פייכטער ערד.
דאָס ערב רב האָט שוין פון לאַנג די קאָסע
אויסגעביטן אויף דער שאַרף פון שווערט.

דער שבת־גוי, פון ליבשאַפט אַ פאַרקייכטער,
ברענגט שטייער צו זיין מאָנענדיקן גאָט —
דאָס קילע זילבער פון די שבת־לייכטער.
דאָס יויזל נעמט עס צו מיט גוטמוטיקן שפּאָט:

— איוואַן, איוואַן, טונק איין אין אויל די קנויטן
און לייג זיי אוים אין אַלע עקן וועלט.
מיט ליבשאַפט טוט ער וואָס זיין האַר באַפעלט.
ישראל שטאַרבט מיט זעקס מיליאָנען טויטן.

## II

די שטערן הענגען איבערן באַלעמער,
די טויבן שפּרייטן אוים געליימטע פליגל.
דער וואַסערטרעגער האָט געלאָזט די עמער
אין אַלקער אונטער שלאָס און ריגל.

די שיינע אידן גווידערן דעם ביטול.
די זילבערנע עטרות שטעכן אוים די אויגן.
דער וואַסערטרעגער, אין דעם אַלטן קיטל,
שטייט באַ דער טיר אין דרייען איינגעבויגן.

דער שופר שאַלט תרועה און שברים,
דעם וואַסערטרעגער'ס אויגן ווערן פייכטער, פייכטער.
די שכינה רירט מיט ליבשאַפט אָן זיין אָרעם
און העלער פלאַמט דער וואַקס אין אַלע לייכטער.

## III

איך וואַרף אַוועק די עמער,
טו אָן אַ פריש-געוואַשן העמד.
דער קאָפּ איז אויסגעצוואָגן,
די באָרד איז אויסגעקעמט.
פרייד און רו
און ליכטיקייט ביזטו.

איך וואַרף אַוועק די שטיוול,
טו אָן די שבתדיקע שיך.
די אויגן מיינע לויכטן
ווען זיי דערזעען דיך.
פרייד און רו
און ליכטיקייט ביזטו.

מיט כלערליי געווירצן
איז אָנגעזאַפּט דער ווינט,
ווען איך גיי דיר אַנטקעגן
מיט מיין הויזגעזינט.
פרייד און רו
און ליכטיקייט ביזטו.

איך גיי מיט אַלע אידן
וואָך איין, וואָך אויס אַזוי.
מיר וועלן איבערלעבן
דעם לעצטן שבת-גוי.
פרייד און רו
און ליכטיקייט ביזטו.

# ווען סטרעליסק האָט געברענט

דר. סאָלאָמאָן גינזבורג אַ מתנה

(אַרום אַ יאָר פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה איז כמעט גאַנץ אַלט-סטרעליסק, דאָס גאַליצישע שטעטעלע עטלעכע מייל פון לעמבערג, אַוועק מיטן פייער. אַ סך אידן פון בויבעריק, אַ פּאָר מייל אַוועק, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אָפּראַטעווען וואָס און וועמען זיי וועלן נאָר קענען. צווישן יענע אידישע גבורים איז אויך געווען מיין זיידע נח פאַגעט.)

טו אָן דעם טיזליק, זיידע,
טרינק אוים דעם אָקעוויט.
פאַרביים אָן אייערקיכל
און נעם דעם טלית מיט

עס ווארטן פערד און שליטן
אויפן שניי וואָס בלענדט,
טו אָן דאָס פוטערהיטל
און היידאַ — סטרעליסק ברענט!

די פייַערצונגען שפּרייטן
זיך נענטער צו דער בריק —
איך בעט דיך, קום בשלום
צוריק קיין בויבעריק.

עס איז געווען אַ מיטוואָך
זיבן אינדערפרי,
ווען ס'האָבן פערד און שליטן
געלאָזן זיך אין פלי.

די שעהן קריכן, קריכן
אַריין אין דאָנערשטיק.
די באָבע קלאָגט און יאָמערט:
ווען קומט ער שוין צוריק?

זי האָט געקלאָגט ביז פרייטיק,
ווען פלוצים, אומגעריכט,
ער איז צוריקגעקומען
אַ שעה פאַר בענטשן ליכט.

די פּאות אָפּגעשמאַלעט,
דער טיזליק אָפּגעברענט —
די באָבע חיה שרה
האָט אים קוים דערקענט.

ער איז אַראָפּ פון שליטן
און צוגעלאָפן גיך
צו איר און אויסגערופן:
— איך האָב געבראַכט מיט זיך

אַ האַלבן טוץ נשרפים,
ביז איבער שבת בלויז,
נאָר אויב ס'איז דיר ניט ניחא,
פיר איך זיי אין קלויז.

די באָבע האָט געשוויגן
אַ רגע און ניט מער,
און ס'האָט זיך אין אַ דימענט
פאַרוואַנדלט אירס אַ טרער.

זי האָט צעפּראַלט די טירן
און מיט אַ קול פון פרייד
געווענדט זיך צו די אורחים:
— מיין שטוב פאַר אייך שטייט גרייט.

זיי גייען פון'ם שליטן
אַראָפּ אין ווייסן שניי,
האַלב נאַקעטע און באָרוויס
אין ווינטיקן זאַווײ.

די באָבע טיילט מלבושים —
רעקלעך, הויזן, שיך.
שבתדיקע ריחות
שפּאַרן פון דער קיך.

איך פיל אין אַלע ביינער
די שבתדיקע וואָר,
כאָטש ס'זיינען שוין אַנטלאָפן
אַריבער פערציק יאָר.

# און דו דזשעסיקאַ וועסט שטענדיק וויינען

לאה׳ן

אויסגעצערטלט, אויסגעוואַרעמט, אויסגעהיט
פון די מאַרצאָווע פיגליעס, פון אַ גוטאויג,
פון טאַטנס קייכהוסט, פון בייזע שכנים
און פון דער זומערזון וואָס בריט און גליט.
אין שאָרכנדיקן זייַד, אין קילן שאָטן פון סאַטין,
אַ שטראַלנדיקע פערלקאַם אין דיינע האָר
און אויף דיין האַלז אַ שטריק פון איידלשטיינער,
ווי דיינע אויגן טונקלטיף און גרין —
און דו דזשעסיקאַ מוזט שטענדיק וויינען.

דאָס גערטנדל אונטערן הויז באַגעגענט דיך
מיט אַ געוואָרקעריי פון טויבן
און שטיל און איידל ביזטו אין דיין שרעק
און רויטלדיקער ווי די ענגלטרויבן,

וואָס ווערן איינגעשרומפּן אין סופּזומערדיקע טעג.
דיין טאַטנס הייזעריק געשריי איז פרעמד דיין אויער,
פון זיינע לאַסקעס שפּרינגסטו אָפּ,
ווי פון זיין אויסטערלישער טראַכט.
אין זיינע אויגן זעסטו פלעדערמייז און טרויער
און ווירבלווינטן אין אַ ווינטערדיקער נאַכט —
און דו דזשעסיקאַ מוזט שטענדיק וויינען.

— אָ, טאָכטער מיינע, דאָ אין טויבנשלאַק
וועל איך דיך פּיטערן דאָס גאַנצע לעבן,
דיך צערטלען, וואַרעמען און היטן.
כ׳שטעל אונטער האַלז און נאַקן — האַק!
מיין קאָפּ זאָל פאַלן מיט די לעצטע בליטן.
וואָס איז מיין לעבן אָן דיין מילדער ליבשאַפט, וואָס?
זיי מעגן טרעטן מיך און וואַרפן קויט און שפּייַען.
איך טרעט אויף זייער שנאה ווי אויף טעפּיכער פון גראָז,
נאָר אָן דיין ליבשאַפט וועל איך ווי אַ חיה שרייַען.
אָ טאָכטער מיינע, ווייך ניט אָפּ פון מיר,
מיין באָרד איז זייַדן ווי דיין זייַדן קלייד
און מיינע פּיאות ווייכער פון פרעמדלענדישן סאַטין.
ווי דיינע אויגן זיינען מיינע טיף און טונקלגרין,
ווי קוואַלנדיקע וואַסערן, נאָר אויסגעטאָן פון פרייד —
פון קליינערהייט, פון יונגערהייט.
אָ, מילדע טויב, שוואַרצאַפּל פון מיין אויג —
כ׳בין ווי אַ בוים, צעזעגט, צעשניטן און צעבראָכן.
דו ביזט די זעג, דו ביזט די אָנגעשאַרפטע האַק אויף מיינע קנאָכן.

אויסגעצערטלט, אויסגעוואַרעמט, אויסגעהיט,
אין שאָרכנדיקן זייַד, אין טונקעלן גלאַנץ פון איידלשטיינער.
דיינע טריט זינקען אין פּוילנדיקן צוויט,
דו קוקסט מיט קנאה אויף דער וואָרקענדיקער טויב,
וואָס הויבט זיך אויף און פליט.
נאָר אין אַן אויסגעשטערנטער סופּזומערדיקער נאַכט —
די שטערן וועלן גליען ווי געגנבעטע דוקאַטן —
וועסטו אַנטלויפן אָן אַ זייַ־געזונט דעם טאַטן
און אייביק הערן ווי לאָרענצאָ לאַכט.
און דו דזשעסיקאַ וועסט שטענדיק וויינען.

# האַרבסט — דער אידישער קעניג ליר

## I

דער האַרבסט שטאַרבט אין פלאַקערדיקן בלעטערוואַרג,
אין אָפּגעגריזשעטן גראָז פון באַרג
און אין פויגל'ס פערלמוטערנע אויגן.
די געפּלעקטע קעלבער ציטערן —
שניידנדיקע שלאַקסן און געוויטערן
האָבן זייערע פעלן איינגעצויגן.
דאָס איז דער האַרבסט וואָס שטאַרבט אין מיינע אויגן.
אָ, האַרבסט, איך ווער מיט יעדן טאָג אַליינער,
באַלד וועלן אויך פאַרטריקענען די פלעקן
אויף מיין לייב פון דיינע ציינער.
דער שניי וועט אַלע וואונדן איבערדעקן.

## II

דער קרישלדיקער הימל ווייסט: דו שטאַרבסט
און שיקט אַ לעצטן שורה גרוס דעם האַרבסט.
דער בייזער רעגן פאַלט מיט קרומע שטעך
און ווינטן וואָיען מיט אַ פרעך
געלעכטער. דאָס איז דער האַרבסט וואָס איז ווי דו
געריירט פון זינען

און וויל אַביסל רו
און קען עס ניט געפינען.

## III

דאָס איז דער האַרבסט. דער הימל אין דער פרעמד
טראָגט אַ פאַרצערעוועט, פאַרלאַטעט העמד.
דער הימל אין דער היים איז
צעפליקט און אָפּגעבליאַקעוועט ווי אַלטע שמות.
דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרט פאַרמעגן
ווערט איינגעשווענקט אין זשאַווער פונם רעגן.

דאָס איז דער האַרבסט וואָס האָט
באַצוואונגען מיט געוואַלט דאָס פעלד, דאָס דאָרף, די גרויסע שטאָט
און גראָז און ליים און שטיין פון טראָטואַר —
אָנגעטאָן אין טרויער, איינגעהילט אין צער.
דאָס איז דער האַרבסט וואָס קייכט און פרייכט און קריכט אויף אַלע פיר
און לאַכט מיט אַ פאַרשפּיצט געלעכטער ווי אַ סאַטיר.

## IV

איצט איז דער האַרבסט ווי דער אידישער קעניג ליר
וואָס וואַרט אין לאַכעס און אין שמאַטעס פאַר זיין טאָכטער׳ס טיר.
זיין שטרויענע באָרד, צעפליקט פון צופּיל וואָגל און טרויער,
פלאַטערט ווי דאָס מאָכיקע גראָז אין הימל און ווינט.
ער שטייט אַ גרייזגרויער ביים פאַרריגלטן טויער
פון דער ווידערשפעניקערין וואָס איז געווען זיין קינד.
אָן אַ קרוין, אָן אַ סצעפּטער, אָן דעם מאַנטל פון גליענדיקן שאַרלעך,
אין די קעשענעס — פאַרדאַרטע פלומען און אָפּגעריזשעטע בית עולם באַרלעך,
מיט אויגן — שטאַרע און פאַרגלאַצטע ווי ביי סאָוועס,
וואַרט ער ווי דער האַרבסט אויפן מלאך המות.

# דאָס דרייצניעריקע אינגל אַנטלויפט
# פון דער שוואַרץ־טומאה

דיזעלבע פינצטערניש ביי־טאָג, ביי־נאַכט.
די שלעפּ, דער שלייער, די גאַנצע טראַכט
איז אויסגעוועבט פון שרעק.
באַוואַכט פון שדים, שלעק,
פון צלמים און פון העק.

(אויבנאָן, דאָרט וואו דער טראָן איז:
אויסגעפּאַשעטע גלחים, נאָנעס,
און אינגל־פּנימער וואָס גלאַנצן ווי באָנבאָנעס.)

איך לויף — עס לויפן נאָך די בוימער:
אַ לאַנגע נאָנע, אַ פּעטער כומר
און צלמים אין אַ ווילד געמיש
פון ווייררויך־וואָלקנס און פון פינצטערניש.

דאָס ליכט אין מיין לאַמטערן
האָט אויסגעצאַנקט נאָך איידער
עס האָבן זיך באַוויזן שטערן
איבערן דאַך פון חדר.

איך האָב געהערט די שטערן קלאָגן
אויף מיינע דרייצן אינגלשע יאָרן.
איך בין אַרויף אויף זייער וואָגן
און אַנטלאָפן צו יעקב׳ן קיין חרן.

## דער שטראַלנדיקער ירדן

אין שלומערדיקן שטויב פון די גרויסשטאָטישע לאָמבאַרדן,
אויף טונקל מעש, אויף געלגעליישטן גאָלד,
דרימל איך איצטער ווי אַמאָל באַם ירדן.
דאָס וואַסער שווענקט דעם ברוד וואָס כ'האָב מיט בלוט באַצאָלט.

איך וויין אין שלאָף. די שווער פאַרשטויבטע טרערן
שנירלען שטילערהייט אין שמאָלן שטראָם אַריין.
איך קען דעם קלאַנג פון מעש און פאַלשן זילבער הערן.
דאָס שטראַלנדיקע וואַסער שאַלט אין גינגאָלדענעם שײַן.

דאָס מעש, דאָס געלגעליישטע גאָלד וויל איבערשרייען.
אין אויער לישעט אַ פאַרזשאַווערטער טרומפּייט.
איז דאָס אַ חתונה צי איז דאָס אַ לויה?
די פּלייט קלאָגט לויטער ווען די זון פאַרגייט.

איך כאַפּ זיך אויף. דער שטראַלנדיקער ירדן
האָט אָפּגעשווענקט דעם שטויב פון די לאָמבאַרדן.

# צפת

אורי צבי גרינבערג'ן

I

איך גיי אַרום אויף טויזנט טרעפּ —
אַרויף, אַרויף, אַרויף,
צו יעדער גאַס, צו יעדן הויף
אין שטיינערנעם אין־סופיקן געוועב.
דאָ איז ניטאָ קיין נידער —
אַלץ איז ווי עס שטייט אין סידור.

אַ באַרג געקייטלט אויף אַ באַרג,
אַ האַלבער ים מיט וואָלקנשעפּסן צוגעדעקט,
די צווייטע העלפט איז בלוי און גרוי געפלעקט.
באַם זייט אַן אָפּגרונט און אַ פעלזנקאַרק.
זע, פון לעבער און שלשלתדיקע וועגן —
עלטערזיידעס קומען מיר אַנטקעגן.

II

אין פלאָנטער פון אַ שטיינערנער אַליי,
אין דער נאַכטיקער קרירה,
שאַרן זיך דריי אירע.
ווער זיינען זיי?
איך הער זייער שירה:
— „אוי" און „וויי".

גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב —
נאָר דו אַליין האָסט דאָס אויסגעטראַכט,
מיך אַהער געבראַכט
פון אַלע שוואַרץ טומאהס אין דער נאַכט.
נאָר דו אַליין ווייסט מיך פירן
דורך קיזלשטיינערנע געפרירן,
דורך שפּיציקע געזימסן און געקעסטלטע טרעפּ
און דורך קרישלדיקן פּימפּסן־געוועב.
וועל איך דיר נאָכגיין? וועל איך בלייבן שטיין
און אויסצאָלן ח״י צל
פאַר מאיר בעל הנס און ווייטער גיין?
זאָל איך בלייבן בדיל הדל —
אָפּגעשונדן און אָפּגעשאָבן,
דאָס פּנים אין דער ערד באַגראָבן,
אָן תכריכים ווי יונים?

דיין פּנים מיניעט אויף דער וואַסערפלאַך
און דיינע אויגן מאָנען: כך וכך.
וואָס קען איך דיר געבן?
— דיין גראָשנדיק לעבן.

## III

פּאָרכטיקע שטאָט, איך הער דעם שאָרך
פון ביינער וואָס זיינען געוואָרן פּאָרך.
קערנער, אַנטלאָפן פון דער טרויב,
פאַלן אין אַ נעפּלדיקן שטויב
אויף קברים וואָס עפענען זיך אויף,
ווי ברונעמער אין יעדן הויף.
דאָס קוואַלוואַסער שווענקט די טרעפּ
פון שטיינערנעם אין־סופיקן געוועב,
וואו ס׳איז ניטאָ קיין נידער —
אַלץ איז ווי עס שטייט אין סידור.

# אַש

דאָרט איז דאָס גראָז פון זייער אָטעם פייכט
און די לבנה אַ פאַרצערנדיקע מאַמע.
דאָרט האָבן זינגער אויסגעקייכט
די לונגען אין דער ליקוי חמה.

בערל בראָדער מיט זיין שלאַבעריק געגראַם,
וועלוול זבאַרזשער און אפרים פאָגלפאַנגער.
האַלפּערין מיט זיין געשפּיזלטער און שאַרפער קאַם,
אבא שטאָלצנבערג און איציק מאַנגער.

דאָרט איז אימבער אומגעגאַנגען, בלייך און שלאַנק,
מיט סלאָיעס סאָק און זויערוויין אַ לאָגל.
איך שיק אים אין געדאַנק אַ שיינעם דאַנק
פאַרן טראָפּן בלוט אונטערן מינדסטן נאָגל.

בער האָראָוויץ און דוד קעניגסבערג
און א. צ. גרינבערג פון בילקאַמען —
אויף גרויסע און קליינשטעטלדיקע מערק
זשאַרעט איצט בלויז אַש פון זייערע פלאַמען.

איצט ליגט דער חלום נאַקעט, באָרוועס אויפן שניי
אין טונקעלע, פרימאָרגנדיקע שעהן,
אויף נייסאַנדז, ראַדאָמישל, ריישע און קאָלאָמיי
האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ מחנה הונגעריקע קראָען.

# מײַן װײַב דערציילט

## װעגן אַ װינטער נאָכמיטיק

אינדרויסן פאַלט דער ערשטער שניי פון יאָר.
די שויבן זיינען מיט אַ דינעם הויך פאַרצויגן.
די מאַמע, אין אַ װייסער שירץ און אויסגעצװאָגענע האָר,
דרימלט איבערן טייטש־חומש געבויגן.

די שװעסטער פאָרעט זיך אַרום געשיר
און זינגט פון זיבן אַרבעטער געזעלן
װאָס האָבן טאָג און נאַכט געשאָלטן דעם גביר.
די שװעסטער זינגט מיט גינגאָלדענע טרעלן:

— „זיבן געזעלן, דאַר װי די דראָנגען,
זיבן געזעלן, לאַנג װי די פלאָקן —
האָבן אין אַ קאַלטער נאַכט געהאָנגען
דעם מייסטער אויף אַ פאַרזשאַװערטן האָקן”.

אויף דער מאַמע׳ס שטערן שפּאַנט אַ פּעטע פליג.
די שװעסטער ברענגט מיר צו אַן אייערקיכל
און זאָגט: „גענוג געלעזן שוין, דו װילדע ציג!”
איך נעם די אויגן ניט אַרויס פון ביכל.

דער העלד האָט גאָלד געלאָקטע, פּאָמאַדירטע האָר
נאָר אין זיין האַרצן ברענט אַ ווילדע יוכע.
די העלדין איז אינגאַנצן זעכצן יאָר
און איז פאַרליבט אין פּראָסט און זאַווערוכע.

דער שליטן יאָגט. די גאַלאָפּירנדיקע פערד
פאַרלירן אינעם שניי צעשטיקלטע, צעהאַקטע טלאָען.
מיין האַרץ בלייבט שטיין — דער שליטן האָט זיך איבערגעקערט
אוןביידע זיינען טויט אין צוויי דריי שעהען.

### וועגן אַן עלטער זיידן

מיין מאַמע זאָגט צו מיר, אין האַלבן דרימל:
— „דו מעגסט אַמאָל אַ טראַכט טאָן פון דיין זיידן.
ר׳ לוי יצחק איז געווען זיין נאָמען.
ער איז געווען פון בערדיטשעוו —
אַ גוטער ווינער און אַ גוטער מאָנער
און אַ בעל תפילה, בעסער ווי דיין טאַטע,
זאָל זיין אַ מליץ יושר פאַר אונז ביידן.
דעם טאַטנ׳ס הנני העני געדענקסטו נאָך —
דאָס איז געווען בירושה פון בערדיטשעווער,
מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיט אַלע תנועות,
דיזעלבע זיסקייט און דערזעלבער קרעכץ
וואָס האָט די גאַנצע ווייבערישע שול
פאַרוואַנדלט אין אַ טייך פון טרערן״.

זי דרימלט ווידער איין — דאָס טייטש-חומש אין איר שויס.
די ברילן בליסטשען אויף איר קליינער, שיינער נאָז.
דער ווינטער איז אַ תושב איצט אין הויז —
איך צעוויין זיך פלוצים, אָן אַ פאַרוואָס.

### וועגן פאַרשייטע יינגלעך

יינגלעך אין פאַרשייטע, פּליושענע קאַשקעטן,
מיט גלאַנציקע דאַשיקעס און גלאַנציקע שטיוולעטן —

ביז בר מצווה קירצן זיי אָפּ די יאָר דעם דרדקי מלמד,
אַ יאָר שפּעטער חלומען זיי פון גרויסשטאָטישע פּריווילעגיעס,
אין זײַד און אין סאַמעט.
צו טאַטע מאַמעס שטילע טרערן און פאַרשטיקט געוויין
האָבן זיי איין בייזן ענטפער: ניין און ניין!
זיי קויפן זיך יאַמישאָווע שטעקעלעך און פאַרלאָזן זיך וואָנסעס
און פאַווריטן,
דעם רויש פון שטערן אויפן רויש פון גרויסשטאָט האָבן זיי אויסגעביטן.
דאָרט שטעלן זיי זיך אַריין אַ געבים מיט גאָלדענע ציין
און פאַרגעסן באַלד ווי שיין
די זון גייט אויף און ווי שענער זי קען אונטערגיין.
נאָר פּאַר אַלע זייערע וואוילעווגערישע זביטקעס
מוזן זיי וויאַנען אין די לעמבערגער בערגיטקעס.

## וועגן איר מאַנ׳ס בוך לידער

דאָ איז דער בעז געוועזן געשטרייפט מיט ראָז,
מיט טונקלוויים, מיט פיאָלעט — ווי קלויסטער־גלאָז.
די שלאַנקע שטרענגלעך האָבן זיך געריסן צו דער זון
און איבערנאַכט געוואָרן אויסגעפּילט און
אויסגעזען ווי רונדגעבייכטע בעכער,
ווי קיילעכדיקע קוימענעס אויף דעכער.
פון פרעמדע וועלדער האָט דער סאָלאָוויי
פאַרבלאָנדזשעט אויך אַמאָל אין דער אַליי,
זיין דורכזיכטיקן שאָטן אויסגעשפּרייט
און אָפּגעשפּילט אַ פרייל לעכם אויף דער פלייט.

וואו סטעזשקעס זיינען קרום און טייכלעך איילן זיך,
איז אומגעגאַן מיין חלום אין לאַקירטע שיך,
אין הענטשקעס זיידענע, אין קליידער פון בראָקאַט
און איינגעדרימלט אויף אַ ווייַנשלבלאַט.

איך קער זיך אום און איך געפין
אין שטויב אַ דרייצנפוסיקע, פאַרצערנדיקע שפין.
פון גראָז און בלעטער דאַמפּט אַ מאַכיקער, פאַרשימלטער גערוך —
איך ווער פאַרווירט און וואַרף אַוועק דאָס בוך.

### ווענן שפּרוכן

די שטוב איז זוניבער, קיל און יום־טובדיק
און פול מיט זיסע ריחות און מיט שפּרוכן.
דער מאַמעס ליפּן מורמלען ציטעריק:
„איך וועל בענטשן דיינע בענשער און דיינע פלוכער וועל איך פלוכן."

די ווייזערס אויפן זייגער איילן זיך.
איך וויל אַנטלויפן פון דער מאַמעס טענות:
„איך וועל ניט אָנרירן אַ רימען פון אַ שיך
און קיין פאָדים פון אַלעמען וואָס דיין איז —

דו זאָלסט ניט זאָגן אַז דו האָסט מיך רייך געמאַכט."
זי טוט די מילדע אויגן צו מיר ווענדן.
אינדרויסן פאַלט באַלד צו די נאַכט —
די שויבן ציטערן און בלענדן.

### ווענן אָרעמעלייט

זיי ווערן איינגעשרומפּן, זויער, גרויער
און יעדע שעה איז זיי דאָס לעבן נמאס.
זיי שאַרן זיך פאַרביי דעם נגידס מויער
און וואַרטן בײַ דעם צוגעקלאַפּטן טויער
אויף שבת אויבס, נאַהיט און מייערנצימעס.

דעם נגידס שטריימל מיט געשפּריצטע עקן,
די בעקעשע פון זייד, דער פערפל־וואָלענער טלית,
דער טוליפּ און דער גאָלדגעלייטער שטעקן
און אַלע זיבן גוטע זאַכן — אָפּצושרעקן
ווי אַ גוטאויג די נאָענטקייט פון דלות.

יומטובים קומען ווי די הײשעריקן
אין די פאַרוואָרלאָזטע און ענגע שטיבער.
די בלום וואָס קרענקט אין פינסטערניש פון ליקן
וועט זיי מיט איר סמיקייט דערשטיקן
און טרייבן פאַר דער צייט שוין אין די גריבער.

# זעקס געדענק־טאָוולען

## די פאַרשטויסענע

אפשר ווייסט איר וואָס ס׳איז דער חילוק —
זומער, ווינטער, האַרבסט אָדער פרילינג?
ווען עס רעגנט אָדער עס שנייט אין דרויסן —
איך בין סיי ווי סיי פון אַלעמען פאַרשטויסן.
ווען די בלעטער וויאַנען, ווען די גראָזן גרינען —
איך וועל שוין קיינמאָל קיין ביסל רו ניט געפינען.
איך צייל מיינע יאָרן: זיבן מאָל זיבן,
זינט מען האָט מיך פון הקדש פאַרטריבן.
איך גיי אַרום און איך שלינג די סלינע
און קאָן אין מיסט קיין ביסן ניט געפינען.

אין מאַרק פאַרטרייבט מען מיך פון די שטעלן,
וואָס זיינען באַהאַנגען מיט קנאָבל און קרעלן.
דאָס ווילדע יונגוואַרג וואַרפט גלאָז און שטיינער —
וואָס האָבן זיי צו מיר און מיינע אַלטע ביינער?
ווען איך וועל האָבן אַ גראָשן עפּעס צו קויפן —
וועל איך אינגאַנצן פון דער שטאָט אַנטלויפן.

### די בעטלערין

צו פערצן יאָר האָט שוין די נאָדל געברענט אין מיינע הענט,
דער הויקער איז געוואָקסן פון הינטן און פון פאָרנט.
מיינע באַקן האָבן געוויאַנעט צווישן איינגעקלעמטע ווענט —
איך האָב געניית, געשוויגן און זעלטן אויפגעצאָרנט.

— דו ביזט אַ קאַליקע — האָט מיך די מאַמע געוואָרנט —
טרערן און געלעכטער זיינען נאָר פאַר פאַנסקי קינדער.
איך האָב געניית, געשוויגן און געשליפן דעם דאָרן,
אַלע מיינע יאָרן. וואָס טו איך אַצינדער?

איך שטיי בײַ דער טיר פון דער טשאָרטקעווער קלויז,
פאַרדאַרט און פאַרקוואַרט, נאָר ניט פאַרלאָשן —
ווייל איך לאַך און לאַך זיך פון אַלעמען אויס
ווען איך שטרעק די האַנט נאָך אַ קופּערנעם גראָשן.

### דער אַנזעצער

די פליג וואָס זשומעט אויף דער סטעליע
איז ווי אַן אַנגעסטראָיעטע קאַפּעליע
אין מיין געהירן. איך האָב ניט וואו אַהינצוטאָן די הענט
און אין דעם ברודנעם שפּיגל זע איך: האָס און שפּאָט
און אויסגעדרייטע מיילער, שיפּענדיק: באַנקראָט.
איז עם דאָס אַש פון וועקסלען, אָפּגעווישט, פאַרברענט,
וואָס גרויט אַצינד אין מיינע אויגן, אויף מיינע האָר?
דער קופּערט שטייט פאַרקלאַפּט מיט מיינע פערציק יאָר
פון מי און ניט־געשטילטן דאָרשט צו קויפן און פאַרקויפן.
זאָל איך אַריינלאָגן אַ קויל אין מויל?
די שכנים ווייסן בעסער ווייל זיי ווייסן וואויל
אַז מיטן שפּראָץ פון טאָג וועל איך פון שטאָט אַנטלויפן.

### דער לאַנגער פּייוויש

איך וויל זיך ניט געזעגענען מיט אייך.
קאָן זיין איך וועל אַמאָל אַ בענק טאָן נאָכן טייך

וואָס האָט אַוועקגעשווענקט די הקדש־בלומען,
צוזאַמען מיטן בידנעם שמאַטעוואַרג,
צו די פֿרירנדיקע פֿיס פֿון אָפּגעגריזשעטן באַרג.
ניין, אפֿילו נאָך דעם וועל איך ניט בענקען,
אפֿילו דאָס קאָן איך אייך מיטן גאַנצן האַרצן שענקען.

דער לאַנגער פּייוויש וועט אויפֿהערן צו זיין דאָס לייטישע געלעכטער.
ער וועט אַוועקוואַרפֿן די קאַראַמיסלעס, די קאַנען,
די אַניטשעס, די שטיוול, די קוטשמע און די אויסגעבעטלטע קאַפּאָטע
און מער ניט טאָפּטשען, טאָפּטשען אין דער בלאָטע.

אַזוי ווי עס האָט אייך ניט געאַרט פֿון וואַנען
איך בין געקומען, אַזוי וועט אייך אַוואַדע ניט אַרן
וואו פּייוויש וועט פֿאַרשווינדן אין איין העלן טאָג.
בלויז די זון וועט מיך באַגלייטן ביז די לעמבערגער פֿיאַרן.
איך וועט שטיין פֿון דער ווייטנס און וואַרטן אויף מיין געקלאָג
און מער ניט קענען לאַכן און מער ניט קענען שפּעטן.
אפֿילו דעמאָלט וועל איך זיך מיט אייך ניט איבערבעטן
און שפּאַנען פֿראַנק און פֿריי איבער אַלע גאַסן.
באַ דער זשידיווסקע ווילצע וועל איך אַ רגע בלייבן שטיין:
די נידעריקע שוועלן, די אויסגעקלאַפּטע פֿענסטער, דאָס געוויין
פֿון קינדער און דאָס הירזשען פֿון די פֿוסטעפּאַסן
וועל איך מיטנעמען מיט זיך און ווייטער גיין.

איך וועל זיך מער ניט אומקוקן, ווייל אַלץ
וועט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טויפֿן זאַלץ.

**די מיוחסת**

איך בין די גרעסטע מיוחסת פֿון דער שטאָט.
אפֿילו די לעמבערגער גרויסהאַלטערס האָבן צו מיר קיין שליטה ניט
אין אונזער איינגעדרימלטער און נודנער ווּיסטעניש.
מיין מאַן, זאָל זיין געזונט, פֿאַרנעמט דעם אויבנאָן אין שול און באָד.
איך רים זיך ניט חלילה מיט מיין שטאַנד,
נאָר ווען איך זע אים יעדן שבת אין דער מזרח־וואַנט,
ווער איך ברייטער ווי לענגער פֿון נחת:
איך האָב ניט ליב די דראַבעס אין שמאַטעס און אין לאַכעס.

האַלעמאַי זאָל איך ליגן זאָגן: די פּעדערן
אין מיין ווינער הוט װעלן זיכער ניט פּאַסן די בעדערין.
דער פּערל-פּעכער און די גאָלדגעשטריקטע שלעפּ —
וואָס זיי ווינשן מיר דערפאַר זאָל אויסגיין אויף זייערע קעפּ.
די ציטער-שפּילקע, וואָס מיניעט ווי אַ רעגנבויגן,
פאַרווירט די מוחות און ברענגט טרערן אין זייערע אויגן.
אַ גאַנץ יאָר בין איך אויסגעברוינט און אויסגערוט —
ווינטער פון די וואַרימבעדער, זומער פון׳ם גוט.
איך היט זיך אוים פאַר אַ גוטאויג פון די ניט-גוטע
ווען איך וואַרף אין דער פּושקע יעדן טאָג אַ פּרוטה.

## דאָס לערערל

פון אַלע בעסטע הייזער ברענגט מען זיי צו מיר:
די אינגלעך, אָפּגעגלעט און אויסגעצוואָגן,
די מיידלעך אין קראָכמאַליעטע און ווייסע קליידער.
זיי װעלן ניט אַריבערגיין די שוועל, די טיר
פון חנא מאיר בונצס און משה קצינ׳ס חדר —
דעם נגידס זינדל און די טאָכטער פון גביר.

די מוטערס ריידן צווישן זיך, אַזוי צו זאָגן:
— איך האָב מיין לאָנעקן געקויפט אַ גראַנאַטן מאַטראָסנרעקל
און אים געזאָגט: גענוג געטראָגן שוין דאָס לייבצודעקל!
— מיין דאַוויד גרייט זיך שוין אין אוניווערסיטעט.
— און מיינער חלומט פון אַ רייזע אין די גרויסע שטעט.

איך זעץ זיי אוים אויף אויסגעבעטע בענק
און לערן מיט זיי אַלץ וואָס איך געדענק
פון מיינע דריי-פיר יאָר אין ווין:
אַביסל דייטש, אַביסל פּויליש און אַביסל עברי-טייטש,
נאָך פון די גוטע אַלטע צייטן,
און לאָז די וואויל-געפּלעגטע טעכטער און די פּאַנסקי זין
רייטן אויף מיין קאַרק, ווי לאַנג זיי ווילן רייטן.
איך האָב ניט קיין קאַנטשיק און איך דאַרף אַ בייטש!

נאָר אין איין שיינעם טאָג וועל איך באַווייזן אַ קונץ
און עפענען אַ חדר ווי משה קצין און ווי חנא מאיר בונץ!

# דער מענטש אין חלום

חיים גראַס'ן

I

דער מענטש אין חלום לאַכט צו זיך אַליין:
עס איז ניט טאָג, עס איז ניט נאַכט.
ווער האָט מיך דאָ אַהער געבראַכט?
ווער האָט מיך אויסגעטראַכט?
געלעכטער גייט אַריבער אין געוויין:
זאָל איך דאָ בלייבן שטיין צי ווייטער גיין?
ביימער־קאָרטשעס זיינען מיינע הענט.
גליווערים זיינען מיינע ציין.
דער מענטש אין חלום קערט זיך אום אַהיים
און רעדט צו זיך אַליין: איך שלעפּ
דורך זומפּן זיך, דורך שווינדלטרעפּ,
דורך שטערנסטעזשקעס און דורך שפּינגעוועב,
דורך הימלבלוי און שימלגרינעם ליים.
דאָס איז מיין היים.

II

קרומע ביימן
שטאַרן שטום.
אויף שטאַכיימן
פוילט די בלום,

מיט גרינע צינגער —
שמאָל און דין —
ווי די פינגער
פון אַ שפּין.

קרישטאָל די שטערן,
די בלום — גראַניט.
זיי קענען הערן
מיינע טריט.

זיי וועלן פירן
ווייט אין רוים —
אין די דעלירן
פון מיין טרוים.

III

דער רבי פון סאַטמאַר —
דאָס פּנים לויטער צער —
שטרעקט אויס די דורכזיכטיקע הענט
צו מיר אין שפּיגל.
ער זאָגט: אין חלום ברענט
אַ וועלט אַ קליינע ווי אַן עיגול.
איך — אינמיטן.
אַרום מיר, אין טויזנט שטיק צעשניטן:
מיין גאָטפאַרכטיקער זיידע.
איז דאָס זיין איבערבלייב
אין שאָטן פון דער אומגעבראַכטער עדה?
דער רבי פון סאַטמאַר —
זיין קול איז לויטער צער —
בעט זיך: גאָטעניו, פאַרטרייב
פון מיין געדעכעניש
דעם אויפגעטרייסלטן חזיון,
דעם טייך פול בלוטנדיקע פיש:

קינדער, מאַנסבילן און פרויען.
איז דאָס גאָט׳ס הויז
אין אָפּבלענד פון דעם שפּיגל?
איך זע אַ וועלט, אַ נום די גרוים,
אַ צאַנקענדיקער קנויט אין בוימל־קריגל,
אַ הימל וואָס איז בלוטיק־רויט.
און איך אַליין?
איינגעשרומפּן, קליין —
דער אויסגעברענטער קנויט.

דער רבי פון סאַטמאַר —
אַן איינגעשרומפּענער אין צער —
באַהאַלט זיך אונטער שלאָס און ריגל.
איך זע אין חלום און איך הער:
זיין הייסע, גליענדיקע טרער
ווישט אָפּ מיין אָפּבילד אין דעם שפּיגל.

## IV

גיב מיר דיין האַנט.
מיר וועלן שפּאַנען —
זאַלבענאַנד —
אויף זילבערנע לאַנען.
דער שפּיגל־פּלאַץ
גייט אונז אַנטקעגן.
אויף יענער זייט ראַם
זיינען אַנדערש די וועגן.
אַנדערש דער בוים
און דער ווינט אין די צווייגן.
מען הערט אין טרוים
ווי די בלעטער שווייגן.
לאָמיר שווייגן ווי זיי
און פאַלן, ביז וואַנען
מיר וועלן ווערן שניי
אויף זילבערנע לאַנען.

# קבר אבות

מיין זיידע זישא מרדכי׳ס קבר איז געלעגן אָפן
גאַנצע זיבן יאָר. פּעטע, בליסטשענדיקע פליגן
האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין געביין
און אויסגעגאַנגען. זיין עלטסטער זון, וואָלף,
איז געלעגן לעבן אים, מיט שערבלעך אין די אויגן
און געגאַפּט: וואָס פון אַ מענש קאָן ווערן.
דער נגיד האָט ניט געגלויבט אַז צוואַנציק
וואָכן נאָך זיין טאַטנס טויט וועט ער ליגן לעבן אים
און דורך די שערבלעך זען אַ פוילנדיקן שאַרבן —
אַז ער אַליין וועט שטאַרבן האָט ער זיך קיינמאָל ניט געריכט.
אויף דער אַנדערער זייט איז געלעגן זיין אינגערער זון, שמעון,
די תכריכים זויבער ווי מיט דריי־און־דרייסיק יאָר צוריק,
מיט אַן אָפּגעוואַשן פּנים און אַ קינדערישן בליק,
וואָס האָט באַטייט: נו, נו, איצט זע׳מיר אַלע דאָ.
פון דער באָבען איז שוין גאָרניט געווען פאַרבליבן.
אויף דער אַנדערער זייט איז געלעגן זיין אינגערער זון, שמעון,
נאָר אַלע דריי האָבן געוואוסט אַז אויך זי איז דאָ.
די באָבע האָט זיי אָבער אָפּגעטאָן אויף טערקיש און
מיט אַ יאָר צוריק זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעקוילערט
צו איר אינגסטן זון, אברהמטשי׳ן, וואָס ליגט באַגראָבן אין לאָנג
אײַלענד.

# ווילדגראָז

## I

די זון שיינט בלויז
אויפֿן ברוד פֿון אונזער הויז
און אויפֿן שמאַטעוואַרג
פֿון אונזער קליינעם מאַרק.

דער ווינט קערט איבער
דעם פֿאָמעשאַף פֿאַר אונזערע שטיבער
און אויף דער רויז
שפּאַנט הפֿקר אום די הקדש-לויז.

דאָס ווילדגראָז בריט
אונטער אונזערע טריט
און די לבֿנה לויכט לויטער
אויף אונזער הויקער.

## II

אונזערע טייכן — פֿאַרצאַמט,
אונזערע ברונימס — פֿאַרסמט.
אין די גערטנער, צעאַקערט פֿון ווינט,
ראַיען חזירים אום און הינט,
און אין פֿאַרפֿאַפֿטן פֿלאַקס פֿון קוקורוזעס
לויכטן שדי׳ם ווי אויף מזוזות.

## III

די קלויזטיר איז צעפּראַלט
פֿון פֿינסטערער געוואַלט
און אויפֿן בית-המדרש-דאַך —
די קראָ איז אויף דער וואַך.
אום שבת איז דער בראָך
ניט אַנדערש ווי אינמיטן וואָך.
דאָס שטריימל און דער טלית

מינערן ניט דעם דלות
און יעדע וואָך און יעדעס יאָר איז
די שטאָט אַ גרעסערער בית הקברות.

## IV

פון אונטער קרישלדיקן שטיין
שפּאַרט ווילדגעוויקס און קאָרטשעס כריין.
בוריקעס און פּאָמידאָרן
זיינען פאַר דער צייט פאַרצערט געוואָרן
און שוואַרצע וואָלקנס טריפן דריבנע טרערן
אויף פּוילנדיקע הייפטלעך קרויט און מערן.
דעם קבצן קלעמט
דאָס האַרץ אונטערן לייווענטענעם העמד,
און דער גביר
גייט אום אויף בעטלברויט פון טיר צו טיר.

## V

דעם שונא׳ס שווערט
האָט אונזער האָב און גוטס צעשטערט.
אין ליקן און אויף הינטערוועגן
וואַלגערן זיך בעבעכעס פון אונזער אַלט פאַרמעגן,
און יעדעס פעלד און יעדע בייט איז
פאַרזייט מיט אויסגעפּליקטע בערד פון אונזערע זיידעס.

## VI

זיס ווי שלאָף
וועט זיין די נאַכט פון אונזער סוף
און ווי אַ שניידנדיקער שטראַל —
די קללה פון פאַנאַנדערפאַל.
די אותיות אויף פאַרמעטן פון תורות
וועלן גליען ווי צעפלאַמטע, טויזנטיעריקע מנורות
און אונז באַפרייען
פון שונא׳ס בראַנדיקן כלי זין.

# עלעגיע אויפן טויט פון סטרעטינער רבין

## I

וואָס אַרט דיך וואָס זי טראָגט דאָס געלע שייטל אָפּגעשאַרט
און ווישט די רויטע נאָז זיך מיטן פאַרטוך ?
דער רבי ליגט אין אָרון, שטייף און האַרט,
און זיינע קינדער וויינען לאַנג און באַנג — וואָס אַרט דיך ?

ווער האָט דיך דאָ אַהער געבראַכט ? דו זאָגסט : „איך בין
אַרומגעגאַנגען אין דיין סאַמעטענעם שאָטן,
דערנאָך פאַרפּלאָנטערט זיך אין וועבעכץ פון דער שפּין
און דו האָסט אָפּגעצאַמט דיין וועג מיט שטעכעדיקע דראָטן.

איך האָב אַזויפיל יאָרן לאַנג געוואַרט, געגאַרט
אין בלאַסן בליאַסק פון דיינע מילדע אויגן —
איצט ליגסטו אויסגעצויגן, שטייף און האַרט,
דער אָרון מיט דיין סאַמעטענער בעקעשע פאַרצויגן.״

וואָס אַרט דיך וואָס דאָס שטערנטיכל איז צעפליקט
און טונקעלע פלעקן פאַלן אויף דער רביצינס געבלימטן פאַרטוך?
דו האָסט אינגאַנצן ניט באַדאַרפט מער קומען דאָ צוריק —
און אַז דו ביזט געקומען שוין, וואָס אַרט דיך?

## II

איך וואַרף אַ שטיינדל אויף דיין פרישן קבר,
אַביסל געל און אומעטיק און מאָגער גראָז.
אַ שוואַרצער וואָלקן קאַפּעט דריבנע טרערן אויפן קבר,
און מיינע טרערן פאַלן אויפן אומעטיקן גראָז.

די קינדער און די אייניקלעך, די גאַנצע עדה —
איך קלער און וואונדער זיך: ווי קום איך דאָ אַהער?
איך זאָג דעם קדיש נאָך דעם עלטסטן פון דער עדה
און ווייס שוין זיכער ווער ס'האָט מיך געבראַכט אַהער.

איך בין געשטאַנען אַלע מיינע יאָרן
באַם שליאַך וואָס פירט צום שאָטן פון דיין דאַך,
און איצט, באַם סוף פון צוויי און פערציק יאָרן,
וואַרף איך אַ רידל ליים איבער דיין דאַך.

איך שטיי מיט דיינע אייניקלעך און קינדער
אויף דער פאַרטרערטער און צעשטערטער ערד.
דער ווינט וואָס רירט קוים אָן די אייניקלעך און קינדער,
שניידט פון מיר פאַסנווייז און וואַרפט מיך אויף דער ערד.

## III

דו האָסט צוגעזאָגט עולם הבא
דעם שמש און דעם גבאי.
דיין געטרייען חסיד שיעלע שוחט
האָסטו פאַרזיכערט: דיר אויכעט.

דו האָסט געקוקט אויף אים דורך דער לינקער וויע,
און ער האָט געגלויבט, דאָס חסידל שיע.
איך האָב געהערט ווי דו זאָגסט: דאָס איז דער עיקר,
שיקט אַריין דאָס אייניקל פון זישאַ מרדכי שטיקער.

ווען איך בין אַריבער די שוועל פון דיין טיר,
מיט דער זיכערקייט פון אַ גביר,
בין איך שטיין געבליבן באַם ערשטן טראָט:
ס׳האָט אויף אייביק פאַרמאַכט דאָס מויל דיר גאָט.

## IV

וועל איך דאָס באַ דיר מאָנען? איך וועל
אַרומגיין אינם שאָטן פון דיין בייזער צוואַנג
און דורך די לעכער פון דער טוכלער צעל
זיך דראַפּען צום פאַרגראַטעטן געזאַנג.

וועל איך דאָס באַ דיר מאָנען? ווערסטו שענקען
אַן אויסגעצערטן שטריף פון דיין פאַרקלערטן ליכט?
כוועל ווערן גרוי און אַלט פון וואַרטן און פון בענקען,
ביז וואַקסן וועט דיין באָרד אויף מיין געזיכט.

ווערסט שפּאַלטן פון די שטערן אָנגעשאַרפטע שפּליטער
און וואַרפן אויף מיין נאַקן, שטיל און אומגעריכט,
און איך וועל וואַרטן מיט פאַרקלעמטע גלידער
און פאַרשעמטע אויגן — וואַרטן לאַנג:
די זון זאָל אויפקלויבן דעם נעפּל פון געזאַנג
און מיך באַפרייען פון דיין בייזער צוואַנג.

## שייטערהויפנס

זיי האָבן אויפגעשטעלט מיליאָנען שייטערהויפנס
אויף מיליאָנען ערטער —
האַנס און ווערטער,
זיגפריד און ברונהילדע —
און פאַרברענט די שעפעלעך די מילדע.

מיט פליים, מיט מי, מיט אייזלשן געדולד,
געקלאַפּט די טשוועקעס און געדרייט די שרויפן —
אויפן אַלטבאַקאַנטן אופן פון גערמאַנען.
די פויערים פון פעלד, דער גלח פונם פולט,
די בויער פון טונעלן און פון אייזנבאַנען,
אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן,
דאָקטוירים, דיכטער, מוזיקער און אַדוואָקאַטן —
האָבן גאָט און פאַך פאַרראַטן
און מיט דלאַט און האַמער און אַ קאַלטער האַנט
אויסגעקלאַפּט די גלאָריע פון זייער לאַנד.

זיי האָבן אויפגעשטעלט מיליאָנען שייטערהויפנס
אויף מיליאָנען ערטער —
האַנס און ווערטער,
זיגפריד און ברונהילדע —
און פאַרברענט די שעפעלעך די מילדע.

איצט בליען בלוטבלומען אויף בלומענבייטן
און בלוטקעפּלעך שפּראָצן פון דער ערד אַרוים
אין אַלע אייביקייטן.
אַ שוואַרצע מיטה איז איצט הויז נאָך הויז.
די ביימערצווייגן זיינען אָפּגעבראָכן
און דאַר און קוואַר און אויסגעהוילט ווי קנאָכן
און פון יעדן שטענגל בעז
שטאַרן פּיאָלעטע אויגן פון אַ מת.

זיי האָבן אויפגעשטעלט מיליאָנען שייטערהויפנס
אויף מיליאָנען ערטער —
האַנס און ווערטער,
זיגפריד און ברונהילדע —
און פאַרברענט די שעפעלעך די מילדע.

דער הימל איז מיט טרערן אָנגעזאַפּט,
די ערד איז אָנגעזאַפּט מיט בלוט און אייטער.
פון די שייטערהויפנס וואָס זיי האָבן אויפגעקלאַפּט
שפּראָצט אין דער הויך אַ פלאַמענדיקע לייטער.

# דאָס איז דער איבערבלייב

ניט אויף פּאַרמעט און ניט מיט אַ געציקלטן כּתב,
נאָר מיט פּייער אותיות וועט ווערן פאַרשריבן:
די ווילדע מעשׂים פֿונ׳ם ערב רב
און דאָס ביסל וואָס איז איבערגעבליבן.

לבנה, זיי דו דער שטיפּט
און זאַמל איין די גליענדיקע שריפט

פון שטערן און פֿאַרשרייב:
דאָס איז דער איבערבלייב —

צוויי ציגל פֿון אַ מויער,
צוויי קאַכלשטיינער פֿון אַ דאַך,
צוויי טויבן אויף דער לויער,
צוויי אידן אינעם גאַנצן כרך.

אַן איניקל פֿירט ביי דער האַנט דעם זיידן,
די מיילער שווייגן און די אויגן ריידן.

דאָס איז געווען דיין גרעסטע זינד,
רחל, מיין געשוועסטערקינד:
דו האָסט געהאַט צוויי אידיש מילדע אויגן
און אַ נאָז אַביסל אויסגעבויגן.

(און מיר שפּאַנען פֿרעך און גיריק צו דער זון
און ווילן ניט און טראַכטן ניט דערפֿון.)

אַ קראָ קומט מיטן ווינט
און ברענגט מיט שניי און ברענגט מיט פֿרעסט.
זי נישטערט אין געשטיין און זי געפֿינט
סימנים פֿון דער ברוינער פֿעסט.

צוויי אויסגעפּליקטע קאָרטשעס האָר,
צוויי מילכווייסע, קינדערישע ציין,
ברעמען, וויעס, בערד — צו פּאָר —
די קראָ פֿאַרגייט זיך אין אַ יאָמערלעך געוויין.

אָ, פֿינצטערע וואָראָנע, אָ, שוואַרצער פֿויגל,
אוי ווי, אוי ווי,
נעם דיר די האָר און לאָז די אויגן
אין בלוטיקן שניי.

# קאַרל מאַרקס באַזוכט היינריך הײַנען

I

ער כאַפּט זיך אויף פון דרימל אין פּאָטעל
און ווישט זיך אויס די אויגן מיט די פינגער.
ער הויבט זיך אויף און זאָגט: איך וועל
באַזוכן היינט דעם שטאַרבנדיקן זינגער.

די זון איז אינם מעבל איינגעקניפּט,
דער סאַמעט און דער פּליוש איז אָפּגעשליסן.
אַ פּעטע פליג קריכט אויף אַ מאַנוסקריפּט
און נישטערט צווישן אותיות אַ ביסן.

ער גייט צום שפּיגל צו, גלעט אויס די באָרד,
פאַרקנעפּלט דאָס גרינסאַמעטענע רעקל.
די יאָרן האָבן קאַרבן אָפּגעשפּאָרט —
ער קוקט אויף זיי מיט בייזקייט און מיט עקל.

דאָס קעצל שפּילט זיך מיט אַ באַנוולקנויל,
אין וואַזע וועלקט אַ האַלבער טוצן רויזן.
אַ פּוילער שמייכל שפּאַלט דאָס פולע מויל —
ער מאַכט צורעכט די קנייטשן אויף די הויזן.

ער נעמט דעם שטעקן און ער גייט אַרויס,
פאַרקירעוועט זיך צווישן טונקעלע גאַסן,
און וואו די זון מיידט אויס דאָס מינדסטע הויז,
קריכט ער אַרויף די טרעפּ, פאַמעלעך און געלאַסן.

דער אָטעם שפּאַרט אין גומען און ער שטעלט זיך אָפּ.
— כ'בין אַלט און מיד און מיינע בלוטן זשומען.
ס'האָט דער ניט־גוטער מיר פאַרדרייט דעם קאָפּ
אין סאַמע מיטן העלן טאָג אַהער צו קומען.

ס׳איז ניט פֿאַר מײַנע כּוחות נאָכצוגײן דעם גלוסט
פֿון מײַנע קראַנקע בלוטן װען איך דאַרף זײַן ניכטער.
ער ציטערט אויף: אַן אויסגעצויגענער און לאַנגער הוסט
דערמאָנט אים, אַז ער איז אין הויז פֿון דיכטער.

## II

אַ קעסל װאַסער אויפֿן אויװן זידט
און זינגט אַרײַן אין אָנגעשפּיצטן אויער.
דאָס לאַנגע פּנים — געל װי װאַקס און מיד
און פֿון די אויגן שטאַרט אַרויס דער בײזער טרויער.

ער עפֿנט קוים די ליפּן אין אַ כליפּ:
— מײַן פֿרײנט... דערלאַנג אַהער אַ שטול, מאַטילדע.
ער פֿילט דעם װײטיק ביז דער זיבעטער ריפּ,
נאָר װערטער פֿליסן פֿלוצים, שטילע, מילדע:

— מײַן פֿרײנט... איך בין אַן אויסגעברענטער בוש,
דאָס אָפּגעזעגנטע, לעצטע טרעפּל פֿון אַ לײטער...
אַנטשולדיגט... קום אַהער, לאַ-מוש,
און װיש מיר אויס דעם טריפֿנדיקן אײטער.

איך בין אַן אויסגעדראָשענער, פֿאַרפֿוילטער סנאָפּ,
מײַן אײנציקער פֿאַרמעג: אַ קראַנץ מיט דערנער.
דאָס װידמעניש פֿון אומפּלײט אויף מײַן קאָפּ
װערט אָפּגעהיט פֿון צװײ פֿאַרדאַרטע הערנער.

דאָס װידמעניש פֿון אומפּלײט אין מײַן ליד
װעל איך פֿאַר דער גאַנצער װעלט אַנטבלויזן,
װי בעטלערס אָנגעלאָפּענע אויף אַ יאַריד,
אַנטפּלעקן רויטע װאונדן אָנשטאָט רויזן.

איך בין... איך בין... איך בין... װאָס בין איך הײַנט?
מאַטילדע, קום אַהער און טו מיר אויס די קײטן.

מאַטילדע זשומעט ווי אַ פליג און ביידע פריינט
שמייכלען ביטער איינער צו דעם צווייטן.

## III

— וואו איז דער שמייכל פון דעם יונגן מאַי,
וואָס פלעג די וואָלקנס פון אַפּריל פאַרטרייבן
און אויסציען פון בלוט דעם קראַנקן בליי —
וואו איז דער מאַי, וואו איז דער יונגער מאַי?

— וואָס קאָן, מיין פריינט, פון מאַי פאַרבלייבן?
אַ טראָפּן טוי, אַ הויך פון ווינט,
געשטרייפּטער וויים און פיאָלעט פון בעזן.
דער מאַי פאַרשווינדט, דער מאַי צערינט —
אַ טראָפּן טוי, אַ הויך פון ווינט.

— דו ביזט אַליין אַמאָל דער מאַי געוועזן.
דער פרילינג דויערהאַפטיקט איצט נאָך אין דיין ליד,
וואָס האָט ווי ריינער גינגאָלד אויפגעפינקלט.
אַפּאָלאָ׳ס פרייד, נאָר אין דיין ליד אַ איד.
וואו איז דער פרילינג און דאָס ליד?

— איך בין אין מיינע ליידן איינגעווינקלט
און וואַרף ווי איוב קללות אויפן ווינט,
דערשראָקן אין מיין אידישער אַליינקייט,
עלנט ווי אַ פּאַסטוך אָן אַ רינד
און ווי אַ בלינדער וואָס בלייבט אייביק בלינד.

— איך זע דיך אין דיין פרילינגדיקער שיינקייט,
אַפּאָלאָ׳ס קרוין, ווי יוסף שיין און קלוג
און זוניק ווי אַ פעלד מיט זינגענדיקע גאַרבן.
— אַ, ניין, איך בין אַן אַלטער, אויסגעהוילטער קרוג,
איך בין ניט שיין, איך בין ניט קלוג —
אפילו אין דער לעצטער רגע פון מיין שטאַרבן.

# "מאַרין פלעשער" ברענגט 69 אידן פון דייטשע לאַגערן

דיזעלבע שיף גייט אַהין און צוריק.
אַהין פירט זי פראַכט און עסנוואַרג
פאַר הונגעריקע דייטשן. זי קערט זיך אום
מיט ניין און זעכציק אידן וואָס קלאַמערן די שטריק
און וואַרטן לאַנג און גאַפן שטום:
מיר זיינען שוין געוועזן אומעטום.
איצט זע'מיר דאָ, אין אַ גוטער און אַ מזלדיקער שעה.

דיזעלבע שיף האָב איך געזען שוין צוואַנציק מאָל.
די שאָלאַכץ פון געברוינטן בראָנז
ווערט קאַרגער אויפן גלאַנצנדיקן שטאָל.
דער קוימען זינקט אין איינגעשרויפטן בויך
און שעמט זיך פאַר די אַנדערע וואָס שפּאַרן אין דער הויך.
דאָס איז אַ חורבה נאָך פון נח'ס צייטן. די קייטן
קרעכצן ווי די ניין און זעכציק פּליטים,
און דאָס געפּעק פון בעבעכעס און שמאַטעס
וואַרט מיט פאַרטרערטן ברוד אונטער צעגליטע גראַטעס.

דיזעלבע שיף האָב איך געזען שוין צוואַנציק מאָל.
דיזעלבע אידן: יאָסל, רבקה, חנה און ישראל.
געדיכטער קוימען-רויך שרומפּט איין די אויגן
און אין אַ קעסל בליי זינק איך ביז די קני.
— וואָס טוען אידן דאָ? וואָס הערט זיך הי?
איך ענטפער ניט. איך הער זיך צו און שרייב:
— מיין נאָמען איז בעריש און ברײנע איז דער נאָמען פון מיין ווייב.
אין די צוויי ווערטער האָט איר מיין היסטאָריע:
געראַטעוועט ביים שוועל פון קרעמאַטאָריע.

די קינדער שמייכלען. די אַלטע מאַכן פּיגליעס און העוויות.
איך שמעלץ אין בליי און בלוט די אותיות פאַר נייעס.
דיזעלבע שיף, דיזעלבע איינגעשרומפּענע און קליינע עדה.
אויף ביידע גרויט דער הויקער: דאָס איינקל, דער זיידע.
זיי וואַרטן לאַנג, זיי גאַפן שטום:
— מיר זיינען שוין געוועזן אומעטום.
איצט זע' מיר דאָ, אין אַ גוטער און מזלדיקער שעה.

# מיט דער עדה

אַצינד, ווען אַלע זינגען, וועל איך די שמחה ניט פֿאַרשטערן.
כ׳בין ניט געוואוינט צו פּויקן און צו טאַצן,
צו לישנדיקע אויסגעשרייען. נאָר איצט איז ניט די צייט פֿאַר טרערן,
פֿאַר דריבנע אותיות, מושטירט אין שמאָלע זאַצן.

מיר וועלן האָבן צייט גענוג צו ציקלען מלא׳ם —
גענוג געוויכערט, געווינטיקט, געוואונדיקט און געטרערט.
האָצמאַך, אין די צעפּליגלטע, צעשטריקלטע און בונטע פֿאַלעס,
ליגט איצט ניין איילן טיף באַגראָבן אין דער ערד.

„כחול על שפת הים און ווי מיליאַסן שטערן" —
אויב דיר איז ניחא, גאָט, מוז איך זיין צופרידן.
איך וועל באַהאַלטן און זיך וואַרגן מיט מיין ביסל טרערן
און זינגען שירה מיט דער גאַנצער עדה אידן.

# אין שענק פון מיין חלום

אַלצדינג וואָס מיר איז פאַרווערט
גלאַנצט ווי אַ בלוט־טראָפּ אויף אַ שווערט.
אַלצדינג וואָס מיר איז פאַרבאָטן
לויכט ווי אַ בליץ־שטראַל אינ׳ם שאָטן.

די שווערט ליגט אָפּגעדעקט און וואַרט
אין קראַנקן שאָטן פון באַגערן.
מיין האַרטע האַנט האָט אָפּגעשאַרט
דאָס שפּינגעוועב פון די פאַרווערן.

איך בין דער בלוט־טראָפּ און די שווערט,
איך בין דער בליץ־שטראַל און דער שאָטן,
קיין זאַך איז מיר ניט פאַרווערט,
קיין זאַך איז מיר ניט פאַרבאָטן.

# ליד צו אַ הויז

דאָס איז אַ בוים פֿון דריימאָל דרײַצן גאָרן
און ניט ווי אַלע רופֿן עס — אַ הויז.
איך ווייס, ווײַל הײַנט — ווי נעכטן און ווי פֿאַראַיאָרן —
בין איך געלעגן און געדרימלט אין זײַן שויס.

איך האָב געציילט די פֿאַלנדיקע בלעטער פֿון די צווײַגן
אינמיטן האַרבסט. געזען ווי פֿרילינג שטריקט זײַן גרינע הויב,
איך האָב געהערט אים שרײַען און געהערט אים שווײַגן,
געזען אים בליסטשענדיק אין טוי און אים געזען אין שטויב.

איך ווייס ניט ווער עס איז געווען זײַן מוטער,
איך ווייס אַז די לבנה איז געווען זײַן אַם.
זײַן פֿאָטער איז געווען דער ניטגוטער —
דאָס ווייס איך פֿון די טיפֿע שראַמען אין זײַן שטאַם.

זײַן ברודער איז דער ווינטער־ווינט וואָס אַקערט
די אָדערן פֿון זײַן צעשפּרייטער דיך,
אַן אַנדערער — דער דאָרנבויש וואָס פֿלאַקערט
און ווערט פֿאַרצערט און אויסגעברענט אין זיך.

דאָס איז אַ בוים פֿון דריימאָל דרײַצן צווײַגן
און ניט ווי אַלע רופֿן עס — אַ הויז.
איך האָב געהערט אים שרײַען און געהערט אים שווײַגן
און האָב געזען ווי בלוט רינט פֿון זײַן שויס.

# קלאָגליד אויפֿן טויט פֿון פּופּציק האַרבסטן

## I

אוודאי איז געווען האַרבסט. ס׳איז יעדעס מאָל אַזוי שוין זינט ווירגילן.
„די בלעטער רוישן, דאָס וואַסער פֿאַלבט זיך און די ווינטן ברילן".
איצט איז ווידער האַרבסט. איך בין אַן איינזאַמער און אַלטער מאַן
און ניט דאָס אָפּגעציטערט אינגל—דעמאָלט בא דער פֿרייכנדיקער באַן.
איך בין אַליין די באַן וואָס האָט די לונגען אויסגעקייכט אויף טויזנט
פֿרעמדע שינעס
און קערט זיך אום אַהיים און ריטשעט אוים: איך בין עס!
איך בין אַן איינזאַמער און אַלטער מאַן. דער האַרבסט שלייכט ווי אַ
שלויער אונטערצינדער,
באַפֿאַלט די לעמער, שינדט די רינדער, בלייכט די פּנימער פֿון קינדער
און פֿון איינזאַמע און אַלטע לייט. זיי שווייגן, וואַרטן לאַנג און קוקן:
דער האַרבסט צילט אַ בלוטיק מעסער אין זייער רוקן.

## II

איצט איז ווידער האַרבסט. דערזעלבער האַרבסט וואָס איז געווען
פֿריער.
אַ פּערלמוטערנער נעפּל האָט זיך געשטרייפֿט אויף דיין
אָפּגעקראַכענעם איבערציער.
וואָס מיר האָבן גערעדט? מיר האָבן גאָרניט גערעדט. מיר האָבן
געשוויגן.
אויפֿן ברודיקן פֿענסטער פֿון וואָקזאַל האָבן געזשומעט דערשראָקענע
פֿליגן.
נאָר ווען די באַן איז געקומען — האָסטו זיך פֿלוצים צעוויינט און איך
האָב אָפּגעשפּאָרט אַ טרער פֿאַר די גלאַנציקע נעזער פֿון מיינע שיך.

## III

איך קום צוריק, אַן אַ רענצל, אַן אַ טשעמאָדאַן,
ווי עס פּאַסט פֿאַר אַן איינזאַמען און אַלטן מאַן.
איך ברענג מיט זיך אַ ביטערן גערוך:
צוגעלעגערטע און טוכלע בלעטער פֿון אַ לידערבוך.

איך שטעל זיך אָפּ און פרעג: וואָס איז פון אַלץ געוואָרן?
— גאָרניט! — ענטפערט מיר דער פלאַקערדיקער דאָרן.

## IV

איצט איז ווידער האַרבסט. דערזעלבער פלאַקערדיקער דאָרן.
דער שליאַך צו אים איז שמאָלער בלויז געוואָרן,
נאָר ברייט געגוג פאַר מיר — אַן איינזאַמער און אַלטער מאַן.
איך ברענג צו אים מיין לעצטן שפּאַן
און בעט זיך: לאָז מיך דאָ פאַרבלייבן.
דער דאָרן איז גנעדיק און וועט מיך ניט פאַרטרייבן.

## V

איך וועל אומגיין אויף דער שמאָלער סטעזשקע צער,
וואו ווערבעס וויינען מיט אַ נאָגנדיק געוויין,
וואו וואָלקנס הענגען אָנגעשוואָלן, שווער און שטאַר
און בלינדע בלומען שטשירען פוילע ציין.
איך וועל ניט מורא האָבן דאָ אַרומצוגיין.

איך וועל אַליין אַרומגיין אויפן שמאָלן שליאַך,
וואו טונקלע פייגל רופן מיך באַם נאָמען אָן.
וואו קלעטערפלאַנצן ריידן מיט אַ בייזער שפּראַך
און שטערן — אין אַן אָנפאַל פון שגעון —
פאַלן אויף מיין קאָפּ ווי דריבנע זערנעם מאָן.

איך בין אַהער געקומען אין דער רעכטער צייט,
אַן איינזאַמער, געשלאָגענער און אַלטער מאַן.
די ביינער אויסגעטריקנט ווי באַ אַלע אַלטע לייט,
האַלב-וואַכעדיק און האַלב אין שלאָף מיין לעצטער שפּאַן.
איך ווייס אַז וואָס איך זוך איז דאָ פאַראַן.

— וואָס זוכסטו? — פרעגסטו מיך. — אָ, וואָס איך זוך?
דאָס אָפּגעציטערט אינגל מיט די גלאַנצנדיקע שיך,
דעם פוילנדיקן בעז אין זיינע אויגן, דעם גערוך
פון רויך אין האַרבסט ווען באַנען יאָגן גיך.
דו פרעגסט מיך וואָס איך זוך? — זיך.

# בלוט אין מיסיסיפּי

I

פֿאַרגלייזטע אויגן,
טויט־קאַלטע ליפּן
פֿון אַ בראָנז־ברוין אינגל
אין מיסיסיפּי.

דער בלוי־הייסער הימל
האָט איינגעשרומפּן
דאָס גאָלד פֿון די פֿעלדער,
דאָס גרין פֿון די זומפּן.

אַ בלינד־בלאָנדער טיגער
מיט קרעציקע ריפּן,
שפּרייט אויס זיין שאָטן
איבער מיסיסיפּי.

## II

— „פֿאַרשאָלטענער ניגער, עפֿן די טיר!"
די שרעק קריכט אַרום אויף אַלע פֿיר.

— „פֿאַרשאָלטענער ניגער, דערלאַנג דאָס קינד!"
דאָס רוצחישע קול איז ווי בלוט אין ווינט.

די טיר און די פֿענסטער בלייבן צעפּראַלט
פֿון דעם בליציקן שרויט וואָס האָט אויפֿגעקנאַלט.

אין וואַלד פֿון דער נאַכט, אין געוואַלט פֿון דער נאַכט,
האָט דאָס בראָנז-ברוינע אינגל די ליפּן פֿאַרמאַכט,

די אויגן פֿאַרמאַכט צום לבֿנהיקן בלעך,
וואָס טריפֿט מיט בלוט וואָס איז שוואַרץ ווי פּעך.

ניט דאָס בלוט פֿון דעם אינגל'ס פֿאַרשטשעמעטע ליפּן,
נאָר פֿון בלינד-בלאָנדן האַרץ אין מיסיסיפּי.

## III

איז דאָס די מאָס פֿון אומגערעכט,
די וואָגשאָל וואָס פֿאַרשוועכט
דאָס גאָלד פֿון טאָג, דאָס זילבער פֿון די נעכט?

אין שליים פֿון וואַסערן-געפֿלעכט
זידט דאָס בלוט פֿון אייערע קנעכט.
איז דאָס די מאָס פֿון גוט און שלעכט,

די מאָס פֿון פֿריידן און פֿון צער'ן?
אָ, שטאָלטנע זין פֿון אַלטע האַרן,
אייער בלוט וועט וויאַנען, אייער שטאַם פֿאַרדאַרן!

# וואָס מיר איז געבליבן

פון זומער איז מיר נאָר געבליבן
די בלויע שאָלעכץ פון אַ פלוים,
וואָס איך האָב מיט די הענט צעריבן
אין שאָטן פון אַן אַלטן בוים.

פון פרילינג וואָס וועל איך געדענקען?
אַ בוים פאַרטריקנט בלויז אויף האַלב,
און אויפן בוים — פאַרטיפט אין בענקען —
די אויגן פון דער ערשטער שוואַלב.

פון האַרבסטיק־לעצטע גרויע שעהען
פאַרבלייבן וועט דער פלאַטערפלי
פון טיף־געשטרייפטע שוואַרצע קראָען
וואָס קומען אָן פון העט, ניט־הי.

זיי קומען טשאַטעסווייז פון הינטער
בערג און פון אַ ווייטער עק.
זיי וואַרטן ביזן סוף פון ווינטער
און ס'בלייבט פון זיי — אַביסל שרעק.

# באַלאַדע איציק מאַנגער

— וואו גייסטו, איציק, אַזוי שפּעט, אַזוי שפּעט?
דער וועג איז געפערלעך, דער וועג איז אַ לאַנגער.
וואָס שפּרייטסטו דיין שאָטן אוים איבער שטעט
און עפנסט די ליפּן ווי אין אַ געבעט —
וואו גייסטו אַזוי שפּעט, אַזוי שפּעט,
וואו גייסטו, איציק מאַנגער?

— פאַר מיר איז דער וועג ניט געפערלעך, ניט לאַנג,
איך גיי מיטן ווינט, איך גיי מיט די שטערן,
איך אָטעם מיט זיי, זינג זייער געזאַנג
און ווען די לבנה צאַנקט אין איר גאַנג
גיי איך אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג
ביז איך וועל פאַרלאָשן ווערן.

— וואָס דאַרפסטו, איציק, גיין נאָכאַנאַנד?
רו זיך אָפּ אַ ווייל און באַנעץ דעם גומען.
אַנדערע פאַר דיר האָבן אומגעשפּאַנט
פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד
און מיט אַ פאַרשעמטער בעטלערהאַנט
צוריק אַהיימגעקומען.

— פאַר וועמען ס'איז צופיל אַן אַקער ערד,
פאַר וועמען ס'איז ווינציק אַ הונדערט.
איך נעם אָן מיט ליבשאַפט וואָס מיר איז באַשערט
צו ווערן אַזוי ווי די שטערן פאַרצערט
און פאַלן ווי זיי אויף דער ערד, אויף דער ערד —
קאַלט און שטום און פאַרוואונדערט.

## טרויערליד מאַני לייב

נאַכט און טרויער און גרויער שטיין
זינגען אינאײנעם דאָס ליד פון פאַרגיין.
וואָלקנס האָבן די פרייד פאַרוויט
און וויינען, וויינען שטילערהייט:
„איצט אין דער פינסטערער, דרייצנטער שעה
פאַרבייטן מיר שטענדיק דאָ מיט ניטאָ,
זילבער פון שטערן מיט שטויב פון ערד,
בליאַסק פון לבנה מיט זשאַווער פון שווערד,
די פלייט מיט דער טרובע, דאָס בלוט מיט ליים."
דאָס מידע פלייש איז צוריק אין דער היים.

## אויפֿן טויט פֿון יוסף ראָלניק

I

מיט אַזאַ שטיל־הכנעהדיקן טראָט
איז קיינער ניט געגאַנגען נאָך צו גאָט.
פֿון טאַטנס מיל, פֿון פֿריש־געקאָסעט היי
ביז צו דעם איסט־בראָדוויייִשן געשריי:
דאָס פּראָסטע וואָרט, דער שטילער גאַנג
אויף תּמימותדיקע סטעזשקעס פֿון געזאַנג,
האָט אָפּגעווישט דאָס ווילדגראָז פֿון דער לאַן,
גענערט פֿון טרובע, פּויק און באַראַבאַן.

II

דער בוים פֿאַרדאַרט
אין האַרבסטיקן שאַכמאַט.

דער ווינט פֿאַרשאַרט
בלאַט נאָך בלאַט.

די קרוין זינקט מיד
פֿון אָפּגעשטראַלטן רוים,
און ציט אַראָפּ דאָס ליד
צום זומפּיק-גרינעם שוים.

דאָס שטילע וואָרט רינט אויס,
אין שאָטן פֿון דער רוט.
איצט וואָיעט בלויז אין הויז
דאָס קול פֿון ליליפּוט.

## III

ניט שכור ווי אַ מענש וואָס האָט
שוין גאָרניט אָנצואווערן,
וואָס וואַלגערט זיך אין קויט פֿון שפּאָט
אין געלן ליכט פֿון גאַס-לאַמטערן
און שליידערט שטראָף-ווערטער צו גאָט,
וואָס קענען ניט מקוים ווערן —
נאָר ניכטער ווי דער דימענט-דלאָט
וואָס האַקט אַ טראַקט אויס צו די שטערן.

## IV

וואָס ווילסטו, טויט? וואָס ווילסטו, שלאָף?
אין אַכצנטן טאָג פֿון חודש אָב,
זענט איר געקומען, שיין און ריין,
און אויסגעלאָשן זיין געביין.
די אויגן האָבן קלוג געלאַכט,
דערנאָך אַליין זיך צוגעמאַכט.
נאָר זיינע ליפּן, דין און בלאָ,
שעפּטשען אַלץ: איך בין נאָך דאָ.

# דרייסיק יאָר שפּעטער

אָנדענק: זישאַ לאַנדוי

דאָ זיינען מיר געבליבן שטיין,
ביים אויסבויג פון אַ גרויער מויער —
אין אָפּשטראַל פונעם זון-פאַרגיין,
וואָס וואַרפט אַ מילדן, בלאַנדן טרויער
אויף זיינע הענט, אויף זיינע האָר
און אויף מיינע אַכצן יאָר.

איך האָב פאַרנומען זיינע רייד
און אינגליש-שעמעוודיק געשוויגן,
ווי תמיד ווען דער טאָג פאַרגייט,
מיט אַזאַ מילדן, בלאַנדן ניגון
אויף אונזער טרויעריקער ערד.
איך האָב צו אים זיך צוגעהערט:

„מיין ליד איז מיד און איך בין מיד
און מיד זיינען די נאַכטיגאַלן,
וואָס איך האָב דורך די נעכט געהיט
אין אָפּקלאַנג פון לבנה-שטראַלן:
באַשיץ אונז אין דיין בלעטערוואַרג
פון טומלדיקן דיכטערמאַרק.

ווי טויבן אין אַ טויבנשלאַק
ווילן מיר זיך אויסבאַהאַלטן,
און אויסמיידן די שאַרפע האַק
וואָס וויל די העלזער אונז צעשפּאַלטן".
איך וויים ניט ווער עס האָט גערעדט —
די נאַכטיגאַל צי דער פּאָעט.

איך וויים נאָר: ס'האָבן שוין פאַרווייט
מער ווי דרייסיק יאָר זינט דעמלט,
נאָר מיך פאַרפאָלגט נאָך אַלץ די פרייד
פון יענעם זונפאַרגאַנג וואָס פלעמלט
אין יעדער שורה פון זיין ליד —
כאָטש איך בין שוין אַן אַלטער איד.

# דעם שטערנזעער׳ס ליד

איך שרייב זיי ניט קיין בריוו,
איך רייד מיט זיי ניט דורכן טעלעפאָן —
דורך מיין געשליפענעם שפּאַקטיוו
שפּאַן איך אַריין אין פעלד פון גליענדיקן מאָן.
איך זינק ביז צו די קניען טיף
און רוף זיי אַלע מיטן נאָמען אָן.

דער איז מיין ברודער, דער מיין שוועסטערקינד,
מיין מומע דרימלט אויפן מילעכווייסן שטעג,
מיין זיידנ׳ס באָרד האָט זיך פאַרטשעפּעט אינם ווינט
און מיינע פעטערס לויפן אין אַ וועטנדיק געיעג.
אָט איז מיין ווייב וואָס איז געוואָרן בלינד
און איז אַוועק פון מיר נאָך אַ געשלעג.

ווען די לבנה אין איר אָפּגרונט גרינט
בין איך פאַרזאַמלט מיט מיין הויזגעזינט.

# דאָס גרייזגרויִ אינגל האָט זיך אויפגעכאַפּט

איך שענק אייך וואָס די שפּין האָט אָפּגעשפּאָרט.
נאַקעט ווי אַ שטראַל און ווי אַ שטראַל אַנטבלויזט,
פון אַלע טונקלקייטן אויסגעקלאָרט
זאָל זיין פון היינט צו טאָג מיין הויז.

אין שאָטן פון דער גרויסער פלעדערמויז
וואַקסט אויס אַ שמאָלער, גינגאָלדענער טראַקט,
מיט איידלשטיינער, ווי די פויסטן גרויס,
אין אַלע ווינקלען איינגעפּאַסט און אויסגעהאַקט.

דאָס גרייזגרויִ אינגל האָט זיך אויפגעכאַפּט.
דער ווינטער האָט געמיטן און די טירקלטויב
האָט מיט די שפּיצן פליגל אָנגעקלאַפּט
און אָפּגעווישט דעם שטויב פון ברעם און שויב.

דאָס גרייזגרויִ אינגל גלייכט די ביינער אויס
און שיילט אַראָפּ פון זיך די שפּינגעוועבן.
פון נאָנטסטער בייט — די גליענדיקע רויז
וואָרקעט מיט דער טויב: הויב צ'י צ'י לעבן!

## גאָט׳ס גאָב

ווייניקער פון דעם האָב איך געוואָלט:
פון שפּעטן האַרבסט אַ קרישקע גאָלד
זאָל פאַלן אויף מיין ברעם.
איך האָב געוואָלט נאָך ווייניקער פון דעם.
כ׳האָב זיך ניט איינגעשפּאַרט און מיט געוואַלט
אַראָפּגעשלעפּט די שטערן צום אַספאַלט
און אויפן שטומען שטיין פון טראָטואַר
זיך אויסגעהיט, זיך ניט געמאַכט צום נאַר.
אין נעץ פון שטאָל און אויפן שטילסטן שליאַך
האָב איך געבעטן גאָט: „לאָז מיך געמאַך.
איך בין אַ מוראַשקע — מיט שווינדלדיקע טריט
אַנטלויף איך אין די פאַלדן פון גראַניט.
פון שוואַרצער מי — דער קאַרגסטער לוין,
לויכט העלער ווי דיין גינגאָלדענע קרוין.״

נאָר כאָטש כ׳האָב זיך געווערט און ניט געוואָלט
האָט גאָט פאַרשווענדעריש מיר אויסגעצאָלט
און מיט אַ פרייער האַנט און פולער גאָב
געוואָרפן גאָלד און זילבער אויף מיין קאָפּ.

## האַרבסט

עס גלאַנצט ווי האַרטגעשליפֿן גלאָז איר מאַט געזיכט
און ווי די אויגן פֿון אַ זשוק זיינען אירע אויגן.
דאָס שטיקל הימל אויפֿן פֿענסטערבויגן
איז ווי אַן אָפּגעבראָכן שטענגל ביי אַ שאַרפֿן ליכט.
די באַקן — אָנגעפּאַקט מיט רויטן, שיכט אויף שיכט —
צעהאַקט ווי הייפּטלעך קרויט און אויסגעזויגן,
נאָר שטראָם די פּיס, ווי פּיילן אין אַ בויגן.
מיט יעדער רגע ווערט אַלץ האַרטער איר געזיכט.
איך ציטער אויפֿן פֿליוש, די אויגן אָנגעשפּיצט און גרין,
עס ציטערן די פּיס און ס׳פֿרירט דאָס בלוט אין רוקן.
די שמאָלע קנויטן פֿלאַטערן און צוקן,
ווי פֿליגל ביי אַ שטאַרבנדיקער בין.
אַ מידער געניץ שפּרייט זיך אויס אויף איר געזיכט —
עס גענעצט מיט דער טיש, דאָס בעט, דער שראַנק מיט ביכער —
און וויקלענדיק פֿון האַלז די דינגעשטרייפֿטע טיכער,
פֿאַרלעשט זי מיט אַ בלאָז פֿון מויל די צאַנקענדיקע ליכט.

# קלאָגליד פון אַ מוטער אויפן טויט פון איר קינד

## I

עס הויבט שוין אָן צו טאָגן —
ס׳איז צייט זיך אויפצוכאַפּן.
איך הער דעם זייגער שלאָגן,
איך הער די שלייפן קלאַפּן.

אין טונקעלן אַליינזיין
דיין לעצטן אָטעם הערן.
ווי דו אויף אייביק קליינזיין
און רגעווייז פאַרצערן.

די נאַכט האָט אויסגעצויגן
פון מיר שוין אַלע טרערן.
ווי דיינע ברוינע אויגן
וועל איך פאַרלאָשן ווערן.

## II

פון די דעכער קאַפּעט
אַ טראָפּ נאָך אַ טראָפּ.
מיט אַ וואָלענער שאַל
וועל איך איינוויקלען דיין קאָפּ.

זאָל דער ווינט וואָיען
ווי אַן אָפּגעריסענע צווייג —
איך וועל דריי מאָל אויסשפּייען
פאַר אַ גוטאויג.

פון די דעכער קאַפּעט
גלייך אויף מיין האַרץ —
ווי דיינע שוואַרצע האָר
איז דער טאָג איצט שוואַרץ.

## III

איך האָב שוין ניט מורא פאַר קיינעם,
איך דאַרף שוין מער ניט אַנטלויפן
פאַרן ברוגזן בליק פון שכנים,
פאַרן בליק פון הינט אין די הויפן.

ווי פון גיפּס, ווי אַ ליימענער גולם
טו איך די גאַסן מעסטן.
אין פייכטן ליים פון בית עולם:
פיר איילן, אַ ברעטערנער קאַסטן.

זאָל רעגענען, רעגענען, רעגענען,
כ׳וועל ביז די קני אין בלאָטע זינקען —
ביז איך וועל דיך באַגעגענען
און דיר געבן מיין לעבן צו טרינקען.

# לויב

דאָ וואו די זון האָט דורכגעשפּאָלטן
אַ שאַרפן שטעג אין האַרץ פון באַרג,
פאַרצערט דאָס אויפגעראָיעטע געווימל
פון בלינדע מוראַשקעס אין בלעטערוואַרג,
דאָ וואו געבליבן איז ניט מערער
ווי קרוכלער שטויב פון שמעטערלינג,
און שטויב פון וואָרים און פון קראָט —
בין איך געקומען און איך זינג:
אַ לויב צו גאָט.

אַ לויב צו גאָט פאַר זיינע וואונדער
וואָס ער האָט מיך געבראַכט אַהער,
אַז איך זאָל קאָנען איבערלאָזן
אין האַרץ פון באַרג אַ קליינע טרער.
די טרער וועט פליסן און זיך שפּרייטן
צום טויטן און פאַרצערטן דרויב,
און קראָט און מוראַשקעס און וואָרים
ווידער אויפלעבן פון שטויב.

## די קליינע לידער טוען ווײ

מיר, קאַרליקלעך מיט שפּינגעוועבטע הענט און פּיס
און קעפּ ווי קוואַסניצעס — מיר שטייען לעבן אייך
אין אָנגעשוואָלענעם שאָטן פון אייער גדולה.
איר פּרייכט און קייכט, איר ניסט און הוסט
און טריפט אויף אונז מיט אייטער פון די אויגן.
איר שפּרייט אויף אונז די דוכנדיקע הענט
וואָס מאַכן אָן אַ ווינט און בלאָזן אונז אַוועק.
מיר קומען אָבער באַלד צוריק אויף אַלע פיר
און איר זענט אונז מהנה מיט אַ שמייכל.

מיר, קאַרליקלעך, זינגען צו אייך לידער קליין ווי מיר.
אַ האָזן־ניסעלע אַ שיר, נאָר שטעכיקער ווי שטעכעלקעס אום תשעה באב.
איר עפנט מויל און אויערן און גאַפט — די קליינע לידער טוען וויי.
איר נעמט די ראַפּניקעס, די קאַנטשיקעס און זאַלצט זיי אָן
און קאַטעוועט די דינע, שפּינגעוועבטע לייבער — בייז און לאַנג.
מיר וויינען ניט, מיר קלאָגן ניט, נאָר שווימען אום אין אייער שאָטן,
רויט פון אונזער בלוט. מיר ווייסן אַז איר טוט עס ווייל איר מיינט ס׳איז גוט.
מיר דאַנקען אייך דערפאַר און אין דער שעה פון אונזער שפלות און הכנעה
לויבן מיר גאָט פאַר די שלעק וואָס איר גיט אונז און וואָס איר האָט דערפון הנאה.

## פאַרדאָרבענע גאַס

פאַרדאָרבענע גאַס, אין דיין צעשלאָגנטן שאָטן
האָט אומגעבלאָנקעט מיין דערשראָקן וואָרט,
געבלוטיקט לאַנג און פאָרט פאַרבליבן דאָרט,
געהאַנגען אויף שטאַכייטן און אויף שטעכעדיקע דראָטן.

פאַרדאָרבענע און בייזע גאַס, דיין סם איז
פאַרקניפּט אין יעדן שטיין פון הויז און טראָטואַר.
דיין אומפּלייט ווידמעט זיך אין קאַלטן יאַנואַר,
ניט ווייניקער ווי אין דעם זונצעגליטן תמוז.

פאַרדאָרבענער, נאָר פיל־געליבטער שאָטן,
דו גייסט מיר נאָך אויף יעדן שריט און טריט.
מיין שטערן גליט אין אָוונט ווי אַן אָפּגעדעקטער שניט
און יעדן טאָג בין איך אַלץ מער אין דיר געראָטן.
איך לויף אַוועק, נאָר דו ווערסט נאָנטער, נאָנטער —
איך ווער צעשטערט פון דיין פאַרצערנדיקן פלאָנטער.

# נאָך אַכט־און־פערציק האַרבסטן

אפילו דער וואַלד האָט אויפגעהערט צו שווייגן.
די דינפאַרשפּיצטע צווייגן ציטערן אין שרעק
פאַר בלוטגעשטרייפטע בליצן און פאַרנייגן

זיך ביז צו דער ערד. די בליסטשענדיקע העק
הויבן זיך און פאַלן, הויבן זיך און פאַלן.
אַכט־און־פערציק האַרבסטן זיינען שוין אַוועק

און אויסגערונען מיט די זונענשטראַלן
אין ערשטן אויפגעשפּראָצטן פראָסט.
די אָפּגעבליאַקעוועטע בלעטער קנאַלן.

די נעסטן שטייען ליידיק און פאַרלאָזט.
די פייגל זיינען שוין פון לאַנג אַנטלאָפן,
נאָר זייער אָפּקלאַנג הילכט ווי גאָלד אויף ראָסט

און ווי די ווינטן — פרעך און פריי און אָפן
ווען נאָך אַ האַרבסט באַווייזט די גען צײן
און אַלע גלידער ווערן איינגעשלאָפן

ווי פאַרן טויט, ווי פאַרן אונטערגיין.
דער וואַלד האָט ניין מאָס רייד און בויערט
אויף די שטומע גרויערד פון געוויין.

אָ, אַכט־און־פערציק האַרבסטן, טרויערט
ניט, נאָר שטרעקט די דאַרע פינגער אויס
דעם ניין־און־פערציקסטן וואָס הויערט

איינגעשרומפן ווי אַ נוס די גרויס,
אויף יענער זייט פון וואַלד וואָס קאָן ניט שווייגן —
די האַק פאַלט אויף די דין־פאַרשפיצטע צווייגן.

נאָך וויפל האַרבסטן שטאַרבן שוואַנען
און שפּרייטן בריקן אויפן פלאַכן טייך ?
די ווערבעביימער וועלן אייך דערמאָנען.

זיי בויגן אָן די קעפּ און וויינען גלייך.
די טרערן פאַלן אין די וואַסער־רינגען,
אין שוים און ברוכוואַרג פון אַ קעניגרייך,

וואו פליגל האָבן אויפגעהערט צו קלינגען.
אָ, וויפל האַרבסטן ליגן אויף דער קייט
און וויפל נאַכטיגאַלן קענען מער ניט זינגען ?

אָ, וויפל שוואַנען האָבן אויסגעשפּרייט
די טויטע פליגל אויף די מוטנע פלאַכן ?
דער ווערבע׳ס טרערן אויף דער וואַסער־בייט

זיינען גרייט זיי ביז דער אייביקייט באַוואַכן
און האַלטן טיף פאַרבאָרגן זייער סוד —
ווען שוואַנען־העלזער שטרעקן זיך צו גאָט.

# לאַנדשאַפט

דער שמעטערדיקער ווינט הילט איין אין שטויב
דאָס פלאַטערדיקע בלעטערוואַרג און אין דער גרינער הויב
איז איינגעשטעקט אַ פערלמוטערדיקע קאַם.
דער ווינט איז זאַלציק און באַשפּריצט מיט כוואַליעס פונעם ים,
באַשפּרינקלט מיטן פלאַם וואָס זינקט אין טאָל.
איך קום אַהער און ווייס אַז ס'איז דאָס לעצטע מאָל.
די גרויע וויעס און דער שטויב אין מיינע האָר
איז ווי די לאַנדשאַפט: אַ געדענקמאָל פון די פערציק יאָר
וואָס האָבן מיך פאַרשניטן און פאַרצערט.
די ערד איז נאָכגיביק. דער הימל טרערט.

איך קום אַהער צום אויסגעטריקנטן און שווינדזיכטיקן גראָז
וואָס וואַקסט צוריקצוועגס און פרעג: פאַרוואָס?
איך ענטפער זיך אַליין: דער שטויב פון דיין געביין
קערט אום צום אָרט פון זיין געבורט, צום קרוכלשטיין,
צום זאַמד פון ים-ברעג און צום גרונט פון באַרג.
איך קום אַהער און ווייס אַז ס'איז דאָס לעצטע מאָל
און ווער אַ לאַנדשאַפט אין דער לאַנדשאַפט צווישן באַרג און טאָל.
דער שמעטערדיקער ווינט באַפאַלט דאָס בלעטערוואַרג.

אויף אָט דער ווייכער, מוטערלעכער, נאָכגיביקער ערד
האָט האַמלעט שטיל געוויינט, זיין שאַרלאַך-מאַנטל און די שווערד
איינגעטונקען אינעם בלוט וואָס טריפט נאָך ביז אַצינד
אין שפּרענקלדיקן פלאַם פון שמעטערדיקן ווינט,
וואָס ברענגט פאַרוויסטונג און וואָס ריטשעט מאָרד.
איך קום צו דיר, מיין אייביק-שטאַרבנדיקער לאָרד.
זיי גוט צו מיר, איך בעט דיך נאָכאַמאָל: זיי גוט
און לאָז מיך רוען אינעם שאָטן פון דיין בלוט
וואָס רינט אין ווינט און פלעקט די גרינע הויב.
אָ, לאָז מיך בלייבן דאָ, אַ זערנע בלויז אין שטראַלנדיקן שטויב!

# שרעק

די שרעק איז אויסגעטראַכט, די טרער איז איבעריק.
וועסט אונטערגיין אינאיינעם מיטן ווינטיקן געשריי
אויף בלויפאַרשנייטע פלאַכן און אין האַפנשטעט,
וואו שיפן, פול מיט פראַכט און אויסלענדישן גליק,
שוואַרצן דורך די נאַכט. די שרעק איז אויסגעטראַכט,
נאָר ווען דאָס האַרץ טוט וויי
איז איבעריק די טרער, פאַרשווענדעריש און נאַריש דאָס געבעט.

די ליפ וואָס ציטערט, די פאַרשעמטע ברעם,
דער בלודנער בליק, דער קלעם פון בלוט —
דאָס אַלץ איז אונטערטעניק צו דער רוט
וואָס דו אַליין האָסט אויסגעטראַכט אויף דיין געביין.
וועסט אונטערגיין אינאיינעם מיטן ווינטיקן געוויין,
די ציין פאַרשטשירעט צו דעם גרינגעם פראָסט
אין דער לבנה. די שרעק האָט שוין אויף אייביק דיך פאַרלאָזט.

# פאַנאַנדערפאַל

## I

אין שטויב פון שטיין,
אין זון־צעפּראַל,
אין שטאָט׳ס געוויין,
אין אָפּפאַל פון קאַנאַל,
אין שריי פון יאָ און ניין —
פאַנאַנדערפאַל.

אין מאָס און וואָג,
אין ביטערגאַל,
אין דימענט וואָס איז טאָג,
אין נאַכטיקן אָפּפאַל,
אין אַלץ וואָס איך פאַרמאָג —
פאַנאַנדערפאַל.

אין גרויל פון מאָרד,
אין מויל פון בעל,
אין זילב, אין וואָרט,
אין אות, אין אַל
וואָס איך פאַרמאָג —
פאַנאַנדערפאַל.

## II

די שטאָט האָט אָפּגעווישט די שפּורן צום זכרון.
די טראַכט איז קאַלט און אָפּגעדעקט
ווי שויבנבלענד אויף פּופּציק פּוסטע גאָרן
אין ווינטערזון, מיט פיאַלעט באַפלעקט.

די חיה רעה וועט אונז באַלד פֿאַרצוקן
און אויסקייכן דעם שוים אויף ראַנד פֿון טראָטואַר.
אָ, בעל פּעור, איך וועל זיך צו דיר בוקן,
אויב דו וועסט שאַנעווען מיין אָרעם מעסטל צער.

צוויי שמאָלע טרערן שפּאַלטן מיין זכרון,
די שווערד איז קאַלט און שטומפּיק ווי דער שלאָף.
אין שויבנבלענד פֿון מיינע פּופּציק יאָרן
זע איך די זון איצט נידערן צום סוף.

III

זון, זון, פֿאַרשעם מיך ניט.
זון, זון, נעם מיך מיט.

די שויבן צערינען
אין הייסן קיט.
ווי זיי וועל איך פֿאַלן
אַראָפּ צום גראַניט —
דו וועסט מיך געפֿינען
אין זייער מיט.

ווי זיי וועל איך קראַכן
אין שטויב פֿון שטיין
און פֿאַרגעסן ווערן
צווישן יאָ און ניין —
הער אויף צו לאַכן
ביים אונטערגיין.

לאָז מיך אַנטרינען
מיט דיין לעצטן פֿלאַם,
ווי דער מאַנדלקערן
פֿאַרמיידן דעם סם
און ווידער געפֿינען
דעם זאַפֿט פֿון מיין שטאַם.

## וואָס דער ווינט האָט אויסגעקערט

דאָס וואַסער בלייבט טערפּקע אויף זייער צונג
און אַן אַ טעם און אַן אַ ריח דאָס געקעכטס.
זיי זינקען אין אַ זומפּ פון בייז און שלעכטס,
אין דינעם שפּינגעוועב וואָס הייסט : דערינערונג.

דאָס איז די טרייסט, דאָס זאַמדיקע פאַרמעג
וואָס קרישלט זיך און וויל ניט בלייבן שטיין.
זיי שרומפּן איין ווי דאַרע וואָרצלעך כריין,
אין אויסגעהוילטע נעכט, אין ניט דערגאַנצטע טעג.

די טירן אויפגעפּראַלט, די פענסטער אויסגעהאַקט
און אַן אַ שטיקל דאַך איז זייער הויז.
דער ווינט, וואָס רייסט זיי מיט די וואָרצלען אויס,
פאַרקירעוועט זיך אויף אַן אַנדער טראַקט.

ער שטעלט זיך אָפּ און קוקט זיך איינמאָל אום :
וואָס ער האָט אויסגעקערט בלייבט אייביק שטום.

# אין די בלויע נעכט

אין די בלויע נעכט האָבן מיר זיך אומגעקערט.
אויף דער ערד וואַלגערט זיך דער חלום און דער בעז —
צעטראַמפּלט פון די שאַרפע קאָפּיטעס פון פערד.
די לבנה פאַרוואַרפט אַ ליילעך אויפן מת.

אין די בלויע נעכט איז דאָס שעכטהויז אויפגעפּראַלט
און יונגע קעלבער ברילן און דער שוחט שעכט.
די לבנה איז אַ חלף און יעדער שטערן שרייט געוואַלט:
אוי, די בלויע נעכט! אוי, די בלויע נעכט!

אין די בלויע נעכט פאַלט פון בית־מדרש־דאַך
גאָט'ס גליענדיקע טרער אויף אונזער בלויער ערד.
זי שווענקט די בלויקייט אָפּ און אַלע מתים זיינען וואַך
און טאַנצן אום אַ שער אויפן שפּיץ פון אַ שווערד.

אין די בלויע נעכט האָבן מיר זיך אומגעקערט —
דער חלום ליגט צעטראַמפּלט אויף דער ערד.

## ווען איך וועל שטאַרבן

ווען איך וועל שטאַרבן וועלן אַלע שטערן מיך באַגלייטן.<br>
אויף זייערע זוויבערע און אָפּגעטאָקטע בייטן<br>
וועלן זיי מיך שפּרייטן אין מיין גאַנצער ברייט און לענג.<br>
פון זייער טרויעריק געדרענג וועט מיר ניט ווערן ענג<br>
און זייער רייך געשאַנק וועט זיין אַ רוישנדיק געזאַנג —<br>
מיט פידלען, פלייטן, פויקן און טרומפּייטן.<br>
ווען איך וועל שטאַרבן וועלן אַלע שטערן מיך באַגלייטן —<br>
איך שיק זיי אין פאָראויס : אַ שיינעם דאַנק !

# אין אויג פון יאַגואַר

### צו אַ בוים

ביזט איינגעדאַרט, אַ, בוים.
איצט בליסטו נאָר אין מיין זכרון,
אין מיין קינדערישן טרוים, קוים-קוים,
ווי אַמאָל צוריק מיט טויזנט יאָרן.

דער ווינט וואָס איז געזאַלצן ווי דער ים
האָט אין אַ טויפן זאַלץ אַ שטאָרן
פאַרוואַנדלט איצט דיין שטאַם
און דו מוזט דאַרן.

כ'וויל וויסן וואו דיין זיסער זאַפט
פון גרינער אינגלשאַפט איז אויסגערינען?
אָ, ווי אַן אַלטער קריגער, אויסגעשעפּט פון קראַפט
שטייסטו אַ פאַרלאָרענער און ווי אַראָפּ פון זינען.

דער טאַם-טאַם וואָיעט אין די זומפּן,
דער האָרן פלאַקערט אין די צווייגן —
נאָר דו ביזט אַלט און איינגעשרומפּן,
און איך אַליין, איך הער דיך שווייגן.

### צו דער זון

זון, לאָז מיך געמאַך.
איך בין געראָטן
אינעם דינעם שאָטן
פון דער אָנהויב נאַכט,

וואָס שפּרייט זיך צאַרט
צופוסנס שמאָלע טאָלן.

כ'וועל דיר באַצאָלן,
זיי ניט איינגעשפּאַרט.

איך ווייס גאַנץ גוט אַז דו
וועסט מיך ניט שוינען,
נאָר איך וועל דיך באַלוינען —
אַבי לאָז מיך צורו.

דו פרעגסט: פאַרוואָס?
איך וועל דיר זאָגן:
ווען הערצער ווי די פויקן שלאָגן
מוז קילער זיין דאָס גראָז.

## שוואַרצע בלום

שטילע נאַכט, טונקל און שטום.
מכשפות בלאָנדזשען אום.
ווייסע געשפּענסטער אומעטום.
האָב ניט קיין מורא, קינד.
לאָז אָפּ דער מאַמעס קלייד.
דער ווינט וועט אַלץ פאַרטרייבן געשווינט.

קוק זיך נאָר אום:
די נאַכט איז טונקל און שטום —
אַ שוואַרצע בלום.

## קאַליפּסאָ

— דער אָוונט קומט מיט הירשענע טריט.
קום, געליבטע, איך נעם דיך מיט
וואו דער מאָך איז געל און ראָז דער צוויט
און דער ווינט פאַרשכורט ווי אַקעוויט.

— דער טאָג איז אַוועק ווי אַ וואָלקנבראָך
און איבערגעלאָזט אין האַרץ אַ לאָך.

וואו דער צווייט איז ראָז און געל דער מאָך
האָסטו מיך געפירט ערשט לעצטע וואָך.

— עס זיינען אַוועק שוין זיבן טעג,
זיבן אָוונטן זיינען אַוועק,
ווי הירשענע טריט אין ווילדן געיעג.
איצט בלאָנדזשע איך אום אין צייכן פון שרעק.

— עס האָבן קיין האָפט איצט ניט דיינע רייד,
ווי אַ שטראַל וואָס צעגייט ווען דער טאָג פאַרגייט,
ווי אַ שאָטן וואָס פאַלט אין פאַלד פון מיין קלייד,
איך אַנטלויף פון דיר ווי די זון אין דער שייד.

— דו אַנטלויפסט פון מיר נאָר איך לויף דיר נאָך
וואו דער צווייט איז ראָז און געל דער מאָך.
ווען דער טאָג וועט פאַרגיין ווי אַ וואָלקנבראָך
וועסטו מיך ליב האָבן ווי לעצטע וואָך.

## בראָנזענע פרינצעסינס

אין טאָם-טאָם׳ס הילך
און אין געוואַי פון האָרן,
טרינק איך דער לבנה׳ס מילך
און פאַרביים מיט שטערן-קאָרן.

די בראָנזענע פרינצעסינס
וויגן זיך ווי די ציפּרעסן,
די ביימער-קרוינען שטויסן
האָניק אין זייערע שויסן.

וואַרט, כלות, וואַרט,
ווען די כוואַליעס פון טייך
וועלן זיין אַוועקגעשאַרט
וועל איך קומען צו אייך.

## קריג

די קריגער פון די טאָלן
קומען מיט סמיקע שפּיזן,
די קאַרליקלעך ווי די ריזן —
די פּנימער צעשניטן און באַמאָלן.

די אויער און די נעזער־רינגען
קלינגען ווי די פּויקן אין געוויטער.
זיי שניידן אונז ווי די פּאַרדאַרטע ריטער —
די בליסטשענדיקע שפּיזן זינגען.

מיר ליגן איינגענורעט אין די שטיבער
און בעטן אַז דער טויט זאָל קומען גיכער.
מיר ווייסן אַז די לעבעדיקע וועלן זיכער
באַהאַלטן אונז אין צוגעגרייטע גריבער.

## דאָס אויג פון יאַגואַר

דער טאָג איז ניט קיין טאָג,
די זון האָט ניט קיין זין.
אין בלויען ווינט פון אָוונט
ווייס איך אַז איך בין.

דאָס אויג פון יאַגואַר
פון צער רינט איבער.
זיי שטיל, מיין ליבער.
עס זינקט דער מאָך
אונטער אונזער יאָך.
זיי שטיל, מיין קריגער,
דרימל איין —
אפילו דער טיגער
רוט אין לבנה־שיין.

# טויט

דאָס איז דער איבערבלייב פון אַ פאַרוואָרלאָזט הויז. דער דאַך
איז איינגעזונקען אין דעם דיל און זיבן בלודנע קראָען
דרימלען אויף אַן איינגעפאַלענעם שטאַכיט,
אומענדלעך־אויסגעצויגענע, אומענדלעך־לאַנגע שעהען.
אַ נודנע פינסטערניש האָט אויסגעשפּרייט
אַ ברייטן גענייץ אויף דער וויסטער פלאַך,
וואו שניי ליגט ברודנע און אַ דריבנער רעגן זיפּט.

די לעצטע ווערים אין פאַרשימלטן געהילץ
שטאַרבן ווי די פּרינצן אין דער פרעמד,
מיט פוילן טרויער, פיאָלעט ווי פילץ,
דאָס העמד פאַרשליסן און דער בליק פאַרשעמט.

דאָ שטאַרט אַרויס אַ רוקן פון אַ בעט, אַ שטיקל טיש.
דער דריבנער רעגן זיפּט און שמעלצט דעם ברודנעם שניי.
די קראָען שניידן פּלוצים דורך די וויסטעניש
מיט אַ געקראַקעריי. איך כאַפּ זיך אויף מיט זיי.
איך שטיי ביים איבערבלייב פון אַ פאַרוואָרלאָזט הויז
און פרעג: וואו איז דער דיל און וואו די קאַנטן פון סופיט?
דער לעצטער פון די פּרינצן ענטפערט: איך בין מיד.
בלייבט ווידער שטיין און הויכט זיין לעצטן אָטעם אויס.

# בעל־פעור

שטילע פרייד, באַגלייט מיך ביז צום דאָרנדיקסטן וועג.
געזעגן זיך מיט מיר וואו ווילדער קרייטעך רייסט זיך אין דער הויך
און ווערים שרומפּן איין און שטאַרבן אין סוף־זומערדיקע טעג.
פּאַרדאַרטע קאַרליקלעך קייכן אין דער געלער זוכט
און קניען פאַרן געץ אין אויפגעפלאַמטן שייטער און וואָיען
מיט אַן אומפאַרשטענדלעכן געוואָי אין קראַנקן זון־פאַרגאַנג.
די לופט איז היים און קראַנק. די פייערפליגן בליצן
אין די אויגנווייסלען פון דעם געץ, וואָס גלאָצן לאַנג און קריצן
שרעק אין אָדערן פון יעדן בלאַט, און קראַמפט דאָס גראָז
אין געצנדינערישן שווידער. די שטילקייט ווערט אין טויזנט שטיק
צעבראָכן
און אַ געקלאַפּעריי און אַ געטראַסקעריי פון אויסגעהוילטע קנאָכן
פאַרטויבט די ווסטעניש, געשפּאַנט און אויסגערונדיקט ווי אַ פּויק.
דער געץ מאַכט צו דאָס לינקע און דערנאָך דאָס רעכטע אויג
און עפנט אויף די ליפּן אין אַ שמאָלן שניט.
ער רעדט און אַלע קאַרליקלעך און אַלע ווערים ריידן מיט:
— פון פוילקייט קומען מיר און ווידמען זיך און בלייבן
אין דער וויסט, וואו פרייד האָט ניט קיין צוטריט,
און וואו אויף יעדן שפּאַן און יעדן טראָט
איז בעל־פעור דער האַר, איז בעל־פעור דער גאָט.

# מאָרד

שווין אונז ניט, אָטעלאָ, שפרייט
דיין הייסן אָטעם אויס
אויף אונזער וואָרלאָז קינד און קייט,
ביים שאָטנדיקן שוועל פֿון אונזער הויז.

צעטרעט אונז מיט דיין הפקרדיקן שפאַן,
ווי מילבן אונטער שווערע טריט.
ס'איז שפעטער האַרבסט. די גאַס איז קאַלט און לאַנג
ווי אונזער אָרימקייט. אָ, שווין אונז ניט!

איז דאָס די שאַרף פֿון דיין פֿאַרניכטנדיקער שווערד?
איז דאָס דער בליאַסק פֿון איידלשטיינער אויף דיין שייד?
איז דאָס די אונטערגייענדיקע זון וואָס טרערט
אין דיינע אויגן? שפרייט דיין הייסן אָטעם אויס
אויף אונזער וואוינונג, טונקל ווי דער וואַלד
וואָס וואָרצלט אין דער טיף פֿון אונזער שוים.
באַהאַלט זיך ניט, אָטעלאָ. די טיר פֿון אונזער הויז
איז אויפֿגעפראַלט און אויפֿגעבראָכן איז אַיערע שויב.
איז דאָס די טויב פֿון פֿרידן וואָס דו שיקסט פֿאָראויס
און וואָרקעט שטיל: ער ברענגט אייך איידלשטיינער פֿון זיין רויב,
דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס, דאָס גאַנץ פֿאַרמעג.
נאָר אונזער ענטפֿער איז: מיר האָבן ניט געוואָלט
די פֿערל, דאָס זילבערוואַרג, דאָס גאָלד.
מיר וואַרטן אויף דער שפיז וואָס דו האָסט אָפּגעשפּאָרט
פֿאַר אונז אין יענע ערשטע פֿרילינגדיקע טעג
ווען דעסדעמאָנאַ האָט געלערנט דיך דעם רויען טעם פֿון מאָרד!

# מחבלים

מאָרגן וועלן אויף אונז וואַרטן הונגעריקע מחבלים,
מיט שפּיזן אין די פֿאַלדן פֿון די פּאָלעס.
זיי וועלן אונז באַפֿאַלן ווי צערייצטע קיילער,
מיט בלוט וואָס שפּריצט פֿון אויגן און פֿון מיילער.
און מיר אין אונזער אָנמאַכט וועלן זיך ניט ווערן —
די הונגעריקע מחבלים וועלן אונז פֿאַרצערן.
זיי וועלן אומגיין אָנגעדראָלן, אָנגעשוואָלן —
צופֿרידענע און זאַטע מחבלים.
די פּאָלעס וועלן פֿלאַטערן אויף די ביינער,
די שפּיזן וועלן בליסטשען אין זון און ווינטיקן געקריג.
זיי האָבן ניט געשוינט די קראַנקע און די זקנים
און זיך פֿאַרכלינעט מיט איעדן קינד אין וויג.

# איז דאָס די פּלייט פון פּאַן?

א. טאַבאַטשניק'ן

דאָ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, דעמאָסטענעס,
ביי אויפגעיוירענע, אָנגעשוואָלענע זומפּן,
מיט קאָרטשעס, בלעטערוואַרג און אויסגעהוילטע טראָסטינעס —
צוויי אַלטע לייט, אויסגעצערט און איינגעשרומפּן.

וואו גרילן זעגן, זשאַבעס קוואַקען, ווילדגענז שרייען,
ברענג איך מיט דעם הויקער פון חרטה.
דאָס וואָרט וואָס איז געוועזן דיין כלי־זיין
זשאַווערט מיט די בלעטער אין דער בלאָטע.

איז דאָס די פּלייט פון פּאַן? פון טונקלע תהומען
שטראָמען הירזשענדיקע קלאַנגען פון פאַרסמטע צינגער.
דער ווילדבאָק בלעקערצט, די סאָווע יאָמערט אוים מיין נאָמען:
פאַרשאָלטן זיי, אָ אָרפעוס, דו בלינדער זינגער!

דאָ וועלן מיר פאַרבלייבן — איך מיטן הויקער,
דו מיט דער צונג אויף אייביק שוין צעשפּאָלטן,
פאַרוואָגלט און פאַרטריבן און פאַרשאָלטן,
און שטאַמלען: ויהי ערב, ויהי בוקר.

## פיר מיך, חלום...

דער מאַרק איז שטיל. די שלעסער
זשאַווערן אויף די געוועלבער.
דער חלום דראַפּעט זיך מיט הייסע פינגער
אויף די גלייכע ווענט. דער לבנה׳ס מעסער
שניידט אויס שטיקער פינצטערניש
און וואַרפט אַריבער געלע פלאַכטעס איבער זיי.
לבנה־פלעקן דעקן צו מיין קאָפּ
און טויזנט גליווערים טויכן אויף
אין מוטנעם זומפּ פון מיינע אויגן.

אַ, שווערער הויקער אין דער שווערער נאַכט —
פול ווינט און שאַרסטקע שטויב פון שטערן —
דער מעקלער ציילט זיין מינץ אין שנאַרכנדיקן שלאָף,
דעם סוחר׳ס פנים לויכט פון טאָג׳ס געווינס
און אונטער קילנדיקן בלענד פון בעטגעוואַנט:
די אויפגעפלאַמטע לייבער פון די ווייבער.

פיר מיך, חלום, אויפן שטילן מאַרק.
דער באַרג אויף מיינע פּלייצעס ווערט פאַרצערט,
איך זינק מיט אַלע אברים אין דיין ערד.

# די סטעזשקע

די סטעזשקע איז געווען געל און ווייך און ליימיק,
מיט בלעטער אָפּפֿאַל און מיט קאַשטאַנעס —
צעפּלאַצט, צעשטיקלט און צעשפּאָלטן.
דער הימל איז געווען — ניט בלוי, ניט גרוי,
ניט קופּער און ניט שאַרלאַך-רויט.
עס איז אינגאַנצן ניט געווען קיין הימל,
נאָר אַ פּייכטע, ליימיק-געלע סטעזשקע,
אַן זון, אָן אַ לבנה און אָן שטערן.

איך שפּאַן אַ באָרוויסער
און ווי די נודנע נאַקעטקייט פֿון אויבן:
מיין בלודנער לייב און מיין געדאַנק.
דער זשעדנער בליק איז אויסגערינען
און נאָר די לווישנדיקע אויערן פֿאַרנעמען:
אַ ווייטן זשאַבעשפּרונג אויף דאַרע טראָסטינעס,
דעם הילך פֿון סאַרנע-טלאָען אויף אַ שטיין
און אַ געוויין פֿון סאָוועס און פֿון פֿלעדערמייז.

די פּייכטע ליימיקייט האָט אויסגעטריקנט,
דער וועג ווערט הרודיקער און אויפגעשוואָלן
מיט שאַרפֿע טליענדיקע דערנערשפּראָצן,
מיט גוליעס און מיט ביימערפּניאַקן
וואָס שניידן בראַנדוואונדן אין מיינע פֿיס.
די סאָווע יאָמערט און די זשאַבעס קוואַקען.

דאָס בלוט רינט שטיל און קיל אין מיינע שלייפֿן.
דער שטערן לויכט, דאָס פּנים פֿלאַמט, די ליפּן גליען.
דאָס בלוט רינט שטיל און קיל פֿון מיינע קניען.

# אין שענק פון מיין חלום

איציק מאַנגער'ן

דער שכור לי־טאַי־פאָ,
דער גנב־פרינץ ווילאָן —
זיי זיינען ביידע דאָ
און זיצן אויבנאָן.

אינדרויסן שניידט דער פראָסט,
דער ווינט יאָגט ווי אַ האָז.
דער שכור פרעגט: — וואָס קאָסט
דאָס פלעשל, אָן אַ מאָס?

די גרעלע מויד בלייבט שטיין
פאַרגאַפט פאַר אָט די צוויי
און שטשירעט מיט די ציין
וואָס זיינען ווייס ווי שניי.

— איז בעסערס נאָך פאַראַן
פאַר מיינע מידע פים —
פרעגט לי־פּאָ פון טשאַנגקאַן
דעם דיכטער פון פאַריז.

— אַ רענדל, אַ בריליאַנט —
ענטפערט אים ווילאָן —
ס'איז ווי אַ שווערד אין האַנט
ווען אַלצדינג שטייט אין קאָן.

ער נעמט אַרויס פון טאַש
אַ זעקל פול מיט מינץ.
דער דיכטער מיט דער פלאַש
חוזקט אָפּ פון פרינץ:

— דער בלענד און בליאַסק פון גאָלד
איז ליידיק און איז וויסט.
ווילאָן, דו ביזט אַ יאָלד
און האָסט זיך מיר פאַרמיאוסט.

ער הויבט זיך אויף און נעמט
אַנטלויפן פון דער שענק.
ווילאָן בלייבט שטיין פאַרשעמט...
...דאָס אַלץ וואָס איך געדענק.

# דער קמצן

אין אָוונט זאַמלט ער צונויף
דאָס גאַנצע ביסל שרעק
וואָס ער פֿאַרשאַכערט דורך די טעג.
אונטערן איבערבעט, ווי אין אַ שרויף:
די וואונד וואָס וויינט ווי אין קאַמאָד
דאָס בלישטשענדיקע אויג פֿון גלאָז.
דער גאַנצער טרויער פֿון דער גרויער שטאָט
איז איינגעקלעמט אין זיין שפּיצנאָז
און מיט די גיריקע אויגן און פֿרירנדיקע הענט
שלעפּט ער צונויף די שאָטנס פֿון די ווענט.

דער דרימל קלאַפּט מיט דינע זערנעס מאָן.
דאָס הינטישע געביל, דעם ווינט'ס
פֿאַרכאַפּטער אָטעם — אַלץ גייט אים אָן.
ער ציילט די רגעס ווי ביי טאָג דאָס מינץ
און האָט קיין צייט ניט אויף אַ שמייכל טאָן.
די לעפּצן, אויסגעטריקנט און פֿאַרשמאַכט,
ציילן יעדן סקריפּ פֿון בעט און פֿון דער נאַכט.

# שלאָף

די ביימער שטייען מיט די קעפּ אַראָפּ
און מוראַשקעס און געל־און־גרינע פליגן
באַפאַלן זיי פון אַלע זייטן. די בלעטער זיינען אויסגענאָגט,
דער ווינט ליגט אויסגעקייכט און אויסגעשריגן
און קליינע טשאַטעס קראָען האָבן אָנגעיאָגט
אין שפּעטן אָוונט און וואַרטן אויפן שפּראָץ פון טאָג.

דאָס איז אַן איינגעדרימלטער און טונקעלער וואַלד.
צוויי גויעלעך מיט רויטע בערד און בלאַנקענדיקע העק
באַהאַלטן זיך אין שאָטן. די פּאַרע פון די פערד איז קאַלט
און מיינע ליפּן זיינען ברויך־און־בלוי פון שרעק,
נאָר ביידע אויגן בלייבן וואַך און מיין געהער
איז אָנגעשפּיצט צו יעדער פאַלנדיקער טרער.

דער חלום צוויקט די בריענדיקע הויט
און ביידע גויעלעך, מיט שנאַפּנדיקע טריט
קומען נענטער און נענטער מיט די העק פון טויט —
די אויגן רינען איבער פון דעם אָקעוויט
און זייער אָטעם רייסט די גאַנצע שטילקייט אויף.
אין טיפן דרימל הער איך ווי איך לויף.

# נאַכט

די נאַכט האָט איינגעשלונגען אין איר אינגעווייד
דיין לעצטן צאַפּל און דיין לעצטן ברום.
איין אויסגעקוילערטער שוואַרצאַפּל בלאַנקעט שטום
אַרום וואו דינע נאָדלען זיינען אויסגעזייט
און אויסגעשפּרייט אין בלעזלדיקן רויך
פון דיין פאַרקאַטשעטן און אויסגעוועלבטן בויך.

(לויטערע וואַסערן, שליוזעס, קוואַלן, גרינאויגיקע זשאַבעס, פיש מיט אָנגעשאַרפטע שופּן און פלוספעדערן, צעשטיקלטע לבנה־שטראַלן וואָס פאַלן באלכסון, ווי אין אַ ווינט אַ רעגנ־שפּריי. און דו — גערירט, פאַרווירט: איז דאָס געווען כדאי?

קריך, ווי דער עלטער־זיידע, יעקב, אויף דער לייטער, קריך. וועסט אים נאָך אָניאָגן — די נאַכט איז גרויס. זאָל דיך ניט אַרן דער ווייטיק אין דער דיך. אַ היילונג ווארט פאַר דיינעט־וועגן בלויז — די נאַכט טראָגט דיר אַנטקעגן איר בלויע, פלעמלדיקע שוים.)

געזעגן זיך מיט אַלץ: געלעכטער און געוויין
איז ווי אַן אָפּקלאַנג פון אַ קרישלדיקן שטיין
וואָס זינקט אין רייפן פון אַ טייך אין שוים
און זוכט די גלאַטע זאַמדיקייט פון דנאָ.
געזעגן זיך מיט אַלץ. ביזט מער ניטאָ —
ניט נאָר די נאַכט נאָר דו אַליין ביזט טרוים.

# געשפּרעך

**דער בוים רעדט:**

צו דיר, מאַן, מיט די נאָכגעלאָזטע, ווײנענדיקע הענט,
צו דיר, מיט טרערנדיקע, בלוטפאַרלאָפענע אויגן,
צו דיר, אין פינצטערניש, אין אייביק לויערנדיקן שאָטן,
מיטן דינפאַרשפּיצטן הויקער אויף דער פּלייצע
און שווערע, שלאַבערדיקע הענט און פיס —
זע: דאָס זײַנען בלומען, שטיינער, שטערן,
און דאָס אַ טייך אין האַלבן, נידעריקן נעפּל,
און דאָס בין איך, דער בוים, וואָס וואַרט אויף דיר

און אויף דיין מידן רוקן — שפּאַר זיך אָן.
מיין צעקאַרבטע קאָרע וואַרט אויף דיין באַריר,
מיינע צווייגן ווילן פילן דיין אָטעם,
און נאָך דעם פרירנדיקן הויך פון דיינע ליפּן
בענקען די פּוילנדיקע קאָרטשעס אונטער מיר.
קום נענטער, דאָס רייד איך צו דיר, דיין פריינט,
דער האַלב-פאַרדאַרטער בוים וואָס איז דיין ברודער
און האָט דיך ליב און בענקט נאָך דיר.
אין פראָסט, אין ביטערשניידנדיקע ווינטן,
אונטער דער ווייכער לאַסט פון שניי
און בייזע שטעך פון האָגלען,
אונטער דער זון וואָס צאַקט מיין הויט —
האָב איך געשריגן צו דיר און דיך גערופן,
מיין פריינט, מיין וואָגלענדיקער ברודער.
נאָר איינמאָל ביסטו געשטאַנען אין מיין געשטרייפטן שאָטן,
געקוקט אויף מיר דורך טרערנדיקע אויגן
און אַוועקגעגאַנגען. איך האָב דיך צוריקגערופן —
מיין רוף איז געווען ווי אַ שאַרפער שניט פון ווינט —
נאָר דו האָסט זיך ניט אומגעקוקט.
איצט רוף איך דיך ווידער, איך, דער בוים,
מיט דער אָפּגעוויאַנעטער דיך, מיט די פאַרסמטע וואָרצלען,
מיטן אָנבליק וואָס איז ענלעך צו דיר:
מיין ברודער, קוק זיך אום, פאַרנעם מיין אויסגעשריי!

**דער וואַנדערער רעדט:**

אַ בייזער רויש פון ווינט איז פאַרביי מיינע אויערן.
עפּעס האָב איך געהערט, געלווישט און ניט פאַרשטאַנען וואָס.
די נאַכט פירט מיך ביי דער האַנט
און די לבֿנה איז מיין געטרייער שאָטן.
די סאָווע רופט און די שטערן ציטערן.
מיר דוכט אַז איך הער ווי מען רעדט צו מיר.
איך קוק זיך אום און זע קיינעם ניט.
אַן איינציקער אָפּגעדאַרטער בוים וואַרפט זיך אין ווינט.

# די רויטע לויה

I

יוניאָן סקווער. ערשטער מאַי.
פּנימער ווי אויף פּלאַקאַטן.
הירזשענדיקע פערד, געשריי.
ביקסן, שרויט און האַנט־גראַנאַטן.

דער הימל זינקט אַראָפּ מיט בליי.
קולות שניידן דורך די הויכן.
יוניאָן סקווער. ערשטער מאַי.
ווילדער גוס פון וואַסער־שלויכן.

רוקנס שלאָגן־אָפּ דעם שפּריי
מיט ליבשאַפט און געשאַל פון שירה.
יוניאָן סקווער. ערשטער מאַי.
וואו זיינען דאָן געווען די פירער ?

אין פרעמדע גערטנער, פראַנק און פריי,
אַרומגעשפּאַנט מיט פרעך געלעכטער.
יוניאָן סקווער. ערשטער מאַי.
אויך זיי זיינען געווען די שעכטער.

II

איר האָט געריטשעט און געקוויטשעט,
געכריפּעט און געקליפּה׳ט,
געזידלט,
געלידלדט און געפידלט —
טאָג־אויס, טאָג־איין.
שכור ? ניט פון וויין.
פון קאַט.
פון אַטענטאַט.

זוער איז געווען דער שונא ?
אין גוטער און אין בייזער לוינע
איז אַלץ געווען פאַרראַט.
אַביסל סם, אַ האַק —
דער יאַרמולקע, דעם לייבצודאַק.
דעם מגן דוד און די פאָן
פון בלוי און ווייס —
פאַרצוקט ווי שפּייז,
וואָס האָט גענוגט
פאַר בלויז איין צאָן.

ווער איז געווען דער שונא —
די ברוינע צי די געלע זוכט?
איר האָט געזוכט, געפלוכט,
געניוכעט און געפליוכעט
ברידער, שוועסטער, טאַטעס, מאַמעס —
הפקר ווי די לייז אום תמוז.
געשפּיגן ליגן
לינקס אויף רעכטס,
און זיך געקוויקט מיט דעם געקעכטס.
שטומע, קרומע, לאָמע —
ווער איז כשר? וואָס איז טמא?
לויפערס, נאָכלויפערס, מיטגייער און גייער.
אַ גאַנצער פאָלק מיט טכוירן און פון ווינזלטירן.
דאָס וואָרט-געפלעכט פאַרצויגן מיט אַ רויטן שלייער,
מיט זשאַווער-פאַנצערס ברוינען די געהירן.

ווער איז געווען דער שונא, דזשענטעלמענער?
איין טאָג דער און איין טאָג יענער.
באָכעט זיך אין הארצן, פאָכעט מיט די פענער —
רויטע, געלע, פאַפּעליאַטע דזשענטעלמענער.

## III

ווער האָט געוואָרטשעט ווי אַ שכורע פּאַפּוגע:
מאַרקיש טויט און קולבאַק איז משוגע?
און איציק פעפער? הויב די רעכטע האַנט
און שווער: דערשאָסן איז דער קאָמאַנדאַנט,
אינאיינעם מיטן פּשוטן יעפרייטער.
און איצט? וואָס ווייטער?
אפילו פענעק, דער מאַשעניק,
ליגט באַהאַלטן אויבן-אָן אין
הייליק אָרט מיט בערגעלסאָנען.
באָכעט זיך אין הארצן, פאָכעט מיט די פענער —
רויטע, געלע, פאַפּעליאַטע דזשענטעלמענער.

## IV

די פענעם פליסן סם,
די בלייערס — זשאַווער
אויסגעבערנט דער פלאַם,
טויט דער כאַוואַר.

דער ערשטער מאַי אַוועק,
באַגראָבן און פאַרפאַלן.
די הימלען שפייען קלעק
אויף אייער יאָסיף סטאַלין.

און איר — צו שפּאָט און שאַנד —
פאַרשאַכערט דאָס געוויסן :
איר שטרעקט די רויטע האַנט
און ווילט דעם לעצטן ביסן.

## V

ווער איז דער שונא, ווער ?
מיר וועלן אים באַגלייטן,
אָן שלוכצן, אָן אַ טרער,
צו די בית-עולם-בייטן.

אויף יענער זייט פון פלויט
וועט ער בלייבן ליגן
באַשפּריצט מיט קויט,
מיט בלוט באַשפּיגן.

די רויט-באַהענטשקטע האַנט
דערשרעקט די פויגל-סטאַיע,
וואָס קומט פון ווייטן לאַנד
אַהער צו דער לויה.

# דערמאָן מיך ניט

דערמאָן מיך ניט ווען מעשענע טאַצן
באַגלייטן די בלוטנדיקע שווערד,
געדענק מיך ווען די בלומען פּלאַצן
און פאַלן בלעטערווייז אויף דר'ערד.

געדענק מיך ניט ווען עראָפּלאַנען
ברעכן דעם הימל פאַנאַנדער אין צוויי.
דערמאָן מיך — אויב דו ווילסט דערמאָנען —
ווען עס שטאַרבן די שוואַנען. איך שטאַרב ווי זיי.

איך כאַפּ זיך אַז איך זאָג אַ ליגן,
כאָטש קיינער וועט עס ניט פאַרשטיין —
ווייל שוואַנען מעקען איצט ווי ציגן —
און בלומען שטשירען מיט פאַרפוילטע ציין.

# לידער

די קליינע הינטלעך האָבן בלויע פלעקן און אָפּגעהאַקטע עקן.
זיי שרעקן זיך ניט פאַר אַ שטיין און עס העלפט ניט צו זיי קיין שטעקן.
שלאָף איך, וועקן זיי מיך אויף מיט אַ געהאַווקע:
לאו דווקא! שלאָף איך ניט, באַפאַלן זיי מיך פון אַלע זייטן.
די קליינע הינטלעך זיינען ניט ווי הינט ביי לייטן —
געטרייע חיות און געהאָרכזאַם צו דעם גאַנצן הויזגעזינד.
די קליינע הינטלעך גריזשען אָפּ די קאָרע
פון דיביימער, ראַיִען אויף די בייטן
און חלומען אין שלאָף פון דעם ניט־גוטן.
זייער געלעגער איז אויסגעבעט און אויסגעוואַרעמט אין מיינע בלוטן.

# אויף יעדער גאַס

אויף יעדער גאַס, אויף יעדער שינע —
נאַקעט, שמייכלדיק און פרעך —
גייט אויף דער זאַמען פון דער קנאה
וואָס איז דער צייכן פון מיין צעך.

זי איז דער אייביגער באַגלייטער
פון מקונן און פראָפעט.
די פויק מאַכט דול און דער טרומייטער
פאַרטויבט דאָס כאָרכלען פון על חטא.

ווער וואַגט איצט אָנרירן דעם וואונדער
פון זיבנשטערנדיקן קרייז ?
דער נביא שילט: ווער ס׳גייט באַזונדער
וועט ירש׳ען אומפלייט, קרעץ און לייז.

## שאַרל באָדלער צו זיין מוטער

קום מיט מיר, מוטער, איך וועל דיך פירן
אין די טונקעלע היילן פון מיין געהירן,
וואו פייגל פּיקן און עס גריזשען מייז —
קום מיט מיר אין מיין געלעגער פון לייז.
נעם ניט מיט מיט זיך דיין זיסן גערוך,
דיינע הענט פון זייד, דיינע האָר פון פוך.
דער ליכטיקער סאַמעט פון דיין שטערן
וועט ביים ערשטן אַריינגאַנג פינסטער ווערן.
אַ גרינער וואָלקן איז מיין שוועל,
די פלעדערמויז איז מיין געזעל —
זי וועט מיט צוגעמאַכטע אויגן
אַריבער דיין ווייסן לייב זיך בויגן,
און מיט שטעכיקע, געשפּריצטע עקן,
מיט פלאַטערפליגל דיך איבערדעקן.
קום מיט מיר, מוטער, שטעל זיך ניט אָפּ
פאַר די אָפענע וואונדן אויף מיין קאָפּ.
לייג דיינע שלאַנקע געצערטלטע פינגער
אויף דעם נאַקעטן לייב פון דיין זון דעם זינגער.
און האַנט אין האַנט און לייב צו לייב,
און ליפּ אויף ליפּ — מיין מוטער, מיין ווייב —
אין די טונקעלע היילן, אויף געבראָכענע טרעפּ,
ביז אַ ליכט וועט אופיגיין איבער אונזערע קעפּ.

# אַ בריוו פון געפענגעניש פון פּאָל ווערלען
## צו אַרטור ראַמבאָ

ווייל דאָס איז ניט די זון, דאָס איז ניט קיין פענסטער און דאָס איז ניט
קיין מויז אונטערן בעט —
איך שפּיר די ברודיקייט פון ליילעך אונטער מיר, דאָס האַרטע
לייוונטענע העמד —
זיינען עס מיינע ליפּן וואָס שווייגן און דאָס פּאַפּיר וואָס רעדט:
ווייס, מיין טרויעריקער קאָפּ איז טרוקן, ברודיק און ניט פאַרקעמט.

וואו זיינען דיינע פינגער? דאָס קילנדיקע בלוט אונטער מיין הויט
שרייט אוים נאָך זיי,
און ניט נאָר מיינע ליפּן גאַרן נאָך דיר, זוניק יינגל, האַלברייפער מאַן.
איך ווייס אַז ערגעץ אָטעמסטו און בענקסט און ביזט פאַראַן
און ווייס ניט — זיינען די לאַנקעס גרין, זיינען די פעלדער
שווער געדעקט אין שניי?

איך בין ניט שטום נאָר ווערטער פרירן, ווערטער שטאַרבן אין
מיין מויל,
איך בין ניט טויב — וואָס וויל איך הערן און וואָס קען איך הערן?
אָ, גאָט, ווי איך בין שלעפעריק, אָ, גאָט, ווי איך בין פויל!
קענן ווען זאָל איך זיך שטעלן, קענן ווען זאָל איך זיך ווערן?

איך וואַרט. עס שווייגט מיין בלוט נאָר מיינע שלייפן שפּירן:
עס שרייט דער טאָג, די זון בליט אויף, די שעה דערנענטערט זיך:
אָ זוניק יינגל, אויף גאָלדענע לאַנקעס וועל איך דיך ווידער פירן.
וואָס פאַלן דיינע אויגן צו? באַדויערסטו מיך?

נאָר איצט איז שפּעטע נאַכט. די שטילקייט רינט. עס דרימלט דאָס
פּאַפּיר.
דאָס איז דער לעצטער אָטעמצוג פון ליכט וואָס פלאַטערט אויף מיין
פּנים.
דער מידער וועכטער ריגלט צו אַ סקריפּנדיקע טיר.
עס בענקט נאָך דיר... עס בענקט נאָך דיר —
ווערלען.

# דער פאַרטריבענער זון

איצט בין איך שוין מער ניט דער יונגער זון וואָס שטאַמלט און וואַרט
אויף אַ גנעדיק וואָרט פון פאָטער ווען ער האָט אָפּגענאַרט.
איך זע אין דער זון אויף די שינעס און אויף די טראָטואַרן
דאָס צאָרנדיק פּנים פון מיין פאָטער ווען איך פלעג אים נאַרן.

זון, זיי ניט גנעדיק צו מיר, איך בין ווי יעדער איינער
וואָס לאָזט דעם קאַלטן בליק פון זיינע טריט אויף די
טראָטואַרן־שטיינער.
איז די זון גנעדיק צו מיר, איז די זון שלעכט?
איך גיי נאָך דער זון ווי אַ געהאָרכזאַמער קנעכט.
די זון איז ניט גנעדיק, די זון איז ניט שלעכט.

וואו ווילסטו מיך פירן? איך וועל גיין וואו דו וועסט גיין.
איך זע מיין פאָטערס טרויעריקע אויגן, איך זע זיינע מילכווייסע,
קינדערשע ציין.
דאָ, אין דיין גאָלדענעם שאָטן לאָז מיך בלייבן שטיין.

— בלייב שטיין מיט מיר, הער אויף די גאַסן זעגן,
ליכטיקער רעגן, גאָלדענער שפּריי פון רעגן.

מיינע פיס האָבן געאַקערט די האַרטע קאָרע פון דער ערד
ווען מיין טאַטנס אויגן האָבן זיך איבערגעקערט.
נאָר די זון האָט אַ טרייסט מיר אונטערגעטראָגן —
איך האָב געקושט די הענט וואָס האָבן מיך געשלאָגן.

די גאַס איז אַ הייל וואו איך האָב פאַרבלאָנדזשעט. ווי אַזוי וועל איך
דעם וועג צוריק געפינען?
אַן אָפּגעטיילטער זייל פון דער זון איז אין מיין פאָטערס אויג אַנטרינען.
איך בין געשטאַנען אַנטקעגן אים, געשטאַמלט ווי אַ נאַר.
זון, לאָז איבער די שינעס, לאָז איבער דעם טראָטואַר.
פיר מיך אַפּ אַהיים. פאָטער, איך וויל זיך נאָכאַמאָל געזעגענען.
גאָלדענע בליטן פון הימל רעגענען.

# מאַגישע לאַנדשאַפט

גרייז גרוי ייִנגל, פון דרימל אויפגעשטאַנענער
ריפּ וואָן ווינקל, מיט די פאַרשטויבטע וויעס —
מיט דיר, נאָך דיין אויפגעוואַכטן קלאַנג,
נאָך דעם אויסגעהוילטן ליכט פון דיין שטערן:
גיין, בלאַנדזשענדיק, הערן
דעם גאָלדענעם רויש פון דיין נידערגאַנג
וואָס איז ניט מער, און ברענט
אין ווייכן אָפּלאַנץ פון אַ טרער.

ענגע קלאַמערן פון בלוט, קאַמערן פון שפּינגעוועבס,
נאַכטיקע גאַסן, גאַרנדיקע פינגער פון אַ קרעבס —
דאָס אַליץ האָסטו איבערגעלאָזט אין שלאָף.
מיך פירסטו איבער דרימלענדיקע בערג,
אויף געשוואָלענע אָדערן פון פעלדער, איבער
אויסגעטליעטע, פינסטערשטאַרנדיקע גריבער —
מיט פאַרשטויבטע וויעס צוגעדעקט.
גרייזגרוי ייִנגל, פון דרימל אויפגעוועקט,
מיט בלאַסן זילבער פון די קאָסעס
וואָס האַלבן דיינע אויגן —
שנייד גאַסן, פעלדער, בערג:
דאָס כוואַליענדיקע בלוט האָט פייער אַריבערגעוואויגן.

# שטומער בוים

י. גלאַטשטיינען

וואו איך האָב אַ טריט געשטעלט, וואו איך האָב דעם רוקן
אָנגעשפּאַרט,
וואו איך האָב פאַרזוכט די גרינגע גאַל אין אַ קרומער מינע,
וואו איך האָב אַ שמייכל אויסגענאַרט,
וואו איך האָב געוויינט, געלאַכט און געוואַרט
און וואו איך האָב געהאַנדלט מיט מיין אייגענער שנאה.

אַ, שטומער בוים, אַנטוואָרצל זיך און אָטעם אויף,
צעשנייד די דיך, די אָפּגעוועלקטע קרוין, אַנטלויף!
דער ווינט וויינט בלוט אין דיינע הענט,
די זון האָט דיינע אָדערן אויסגעברענט.

איצט בין איך דער בוים וואָס האָט אָפּגעדאַרט,
אַן אַלטע פאַרוואָרפענע האַרף וואָס וואַרט
אויף שמאָלע, שלאַנקגעוואָקסענע פינגער.
איך בין דער יונגער מאָלערגעזעל
וואָס וויינט פאַר אַ פאַרוועלקטער אַקוואַרעל
און ווייסט אַז וועלק זיינען זיינע פאַרבן.
איצט בין איך ווי פלאָבער
וואָס איז אַ צוואַנציקיעריקער
אַוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפּל שטאַרבן.

# ניט בלויז איבער מיר

ניט בלויז איבער מיר ווען דער שטורעם רוישט,
ווען די וואָלקנס העגנען שוואַרץ און אָנגעפּוישט —
אויף די בערג ליגט דאָס גראָז נידעריק און קאַלט
און די פּלאַכטעס מאַך אויף די ביימערקאָרטשעס אין וואַלד
זיינען ווי איבערגעוואַקסענע שוואָמען אין רעגן,
און די באַביצע וואָס בלאַנדזשעט אויף די וועגן
אין אַן אויסגעבעטלטער קאָלדרע און אין זעק —
ניט בלויז איבער מיר גייט אויף איר שרעק
און דאָס שטומפּיקע קריצן פון אירע צוויי פּאַדערשטע ציין.
ווען עס הייבט אָן דונערן און בליצן
ליגט זי איינגעקאָרטשעט אונטער אַ שטיין
און ציטערט אין קעלט און אין היץ —
און ציילט איעדן דונער און ציילט איעדן בליץ.

איר לייב איז אויסגעוויקט און די אָדערן ביי אירע אויגן
זיינען ווי דינע דרעטלעך — שטייף און אָנגעצויגן.
אין אירע נאַסע, ברודיקע האָר פּלאָנטערט דער ווינט —
און דער רעגן רינט.
און ליגנדיק אַזוי אַן איינגעקאָרטשעטע אונטער אַ שטיין —
ווערט זי איינגעשרומפּענער און ווי אַ פּוילערוילע קליין.
די אויגן ווערן מוטנע טייכלעך, ריקעלעך די הענט
און די בלויע אָדערן וואָס האָבן אויף איר לייב געברענט
ווערן קאַלט, ווערן וואַסער, ווערן קויט —
די באַביצע איז טויט.

# באַלאַדע פון מידע ווערטער

איך בין ניט מיד — דאָס בוך איז מידער.
די זילבן שטאַרן מיט אָפענע אויגן.
אין גרינעם נעפּל ווי שכורע גלידער
דרימלען זיי איין. דאָס וואָרט איז מידער.

דאָס איז אַ פעלד מיט טרוקענע זאַנגען.
אַ זילבערנע קאָסע איז שפּאַצירן געגאַנגען
און איבערגעלאָזט צעשניטענע גלידער.
אַ רויטע לבנה איז איבער זיי געהאַנגען —
שווער און מיד. דאָס בוך איז מידער.

די נאַכט האָט געהיימע צייכנס געשריבן.
דער ווינט איז געקומען, זיי אויפגעקליבן,
ווייטער געגאַנגען און שטיין געבליבן
אַ מידער איבער דעם בוך פון לידער.
דער ווינט איז מיד. דאָס בוך איז מידער.

איך בין די קאָסע, איך בין דער ווינט.
— ווער האָט די לבנה איבערגעשניטן? —
איך בין דער שכורער נעפּל וואָס גרינט.
דער טרויעריקער פאַסטוך האָט מיך ניט אויסגעמיטן.

דער פאַסטוך ציט די פאַרשלאָפענע גלידער.
איך בין ניט מיד. דאָס בוך איז מידער.

# דער
# סארנעסטלאען



אָנדענק: אבא שטאָלצענבערג

ערשטער כאָר:

די בלאָע אָוונטיקע שעה'ן
פאַלן ווי צעבראָכן גלאָז —
דער סאַרנעם טליענדיקע טלאָען
פליען איבער הייסן גראָז.

זיי פליען איבער בערג ווי פיילן
צום זיבנשטערנדיקן ראָד
און פאַלן ווי די פייערזיילן
אין די היילן פון דער שטאָט.

צווייטער כאָר:

די שטאָט איז טויב צו אונזערע געשרייען.
דער שטיין ברילט אין דער הויך און אין דער נידער

און שרומפּט אונז איין און טריקנט דאָס געביין.
אויף יעדן אויפגעדראָיעטן און זונצעגליטן שליאַך
האָבן מיר געבליט און אָפּגעבליט, געלאַכט און אָפּגעלאַכט,
געריוושט און אָפּגערוישט, געזונגען און געזונקען.
מיר זיינען שאָלעכץ בלויז און זשאַווער פון דער שטאָט.
דער שטיין איז מער ווי שטיין. אין טוכלעם שפּייכלער
איז אויפבאַוואָרט די שפּין וואָס העפט דאָס מאָכיקע געוועב
אין הענגלבריקן צו דער זון, אין לייטערס צו די שטערן
און מיידט ניט אויס דעם שאָטנגאַנג צו אונזער בלוט.
אין שאָטן — מיד, אין אָוונט — מיד און אין די לאַנגע נעכט
פאַרפלאָנטערט אין דער נעץ פון אונטערגאַנג.
מיר זיינען שאָלעכץ בלויז און זשאַווער פון דער שטאָט.

מיר זיינען אויסגעוויינט. דער שטיין האָט איינגעזאַפּט
איעדע טרער. מיר זיינען אויסגעהוילט. אין שאָטן
פון דעם גרעסטן שאָטן ליגן מיר און וואַרטן:
געבוירן פון געדולד און פון געדולד גענערט,
געצערטלט און געהיט אויף יעדן ווענד און קער.
מיר וואַרטן אויף דער לעצטער טרער וואָס זאָל צעשמעלצן
די שאָלעכץ און דעם זשאַווער פון דער שטאָט.

### אַ גאַס — אַנדערש פון אַלע גאַסן אין דער שטאָט

ערשטע זקנה:

דאָס איז מיין גאַס — אין רעגן און אין שטויב
טו איך זי מעסטן דורך דער לענג און ברייט.
מיט אירע גלעקלעך איז באַצירט מיין הויב
און אויף מיין האַלדז איז איינגעשטריקט איר פּערלקייט.

דאָס איז מיין גאַס — אין אָפּשיין פון פאָנאַר
און פון איעדן הויז דער קרישלדיקער ברוד
איז אייגן מיר ווי מיין פאַרגעלטער צער
און ווי דאָס שטומע פליסן פון מיין בלוט.

דאָס איז מיין גאַס — אַריבער אַכציק יאָר
(אין בלענד פון בלאָנד, אין אָפּגעבליאַקטן גרוי) —
געמאָסטן פאַלשקייט מיט דער מאָס פון וואָר
און איינגערעדט זיך אַז ס'איז גוט אַזוי.

דאָס איז מיין גאַס — אין וואָכנטאָג און אין טעג
ווען טרויער אַקערט אויף די גרויערד ווי אַ קראַט,
נעם איך פאַר ליב אָן וואָס איז מיין פאַרמעג:
די גאַס פול איידלשטיינער אין געפלעכט פון שטאָט.

צווייטע זקנה:

פון שוועל צו שוועל, פון טיר צו טיר —
קיינער קוקט זיך ניט אום אויף מיר.
עס מיידן מיך אוים די קעץ און די הינט —
כאָטש איך בין אויך ווי זיי אַ מאַמעס אַ קינד.

איך וועל שטאַרבן פלוצים און אומגעריכט —
אָן אַ קדיש און אָן יאָרצייט-ליכט...

דער קוימענקערער:

איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אַהער פון ווייטע מקומות,
וואו אַ טייך איז אַ טייך און אַ בוים — אַ בוים איז,
וואו דאָס אויג איז לער און די חלומות — לערער
און יעדע גאַס האָט אַ קוימענקערער,
אַ האַלצהעקער און אַ וואַסערטרעגער
און אַ שטאָט-משוגענעם — אָן אַ געלעגער.

איך בין געקומען אַהער, אויף דעם עולם התתו,
וואו אַ בוים איז קיין בוים ניט און די הימלען די גרויע
זיינען מיט אַש און מיט סאַזשע פאַרצויגן
און דער איינציקער טייך איז ביי מיר אין די אויגן.
ווי קום איך אַהער דאָ, ווער דאַרף מיך דאָ האָבן?
צו האַרט איז די ערד דאָ מיך צו באַגראָבן.

די וואוילע יונגען:

מיר זיינען די וואוילע יונגען פון דער גאַס.
די שפּיצלעך וואָס מיר פראַוועץ זיינען ניט אין שפּאַס.
— איך מיאַוקע ווי אַ קאַץ! — איך האַווקע ווי אַ הונט!
עס קומט אונז צו דערפון אַ שטיק געזונט.

מיר זעצן אוים די שויבן. מיר טשעפּען יונג און אַלט.
מיר נעמען אַלץ אויף זיכער און מאַכן אַ געוואַלט!

ערשטע זקנה:

ווער פּאָכעט ווי אַ בלאָז-זאַק? ווער קוואָקעט ווי אַ זשאַבע?

די וואוילע יונגען:

— קומט, חברה! לאָמיר זיך אַ נעם טאָן צו דער באָבע!

(זיי געפינען אַ געלעכערטן מעל-זאַק און וואַרפן עס אַריבער דער אַלטיטשקער. זי צעשרייט זיך און אַנטלויפט. זיי ווילן זיך אַ נעם טאָן צו דער צווייטער זקנה, דערזעען דעם קוימענקערער און בלייבן שטיין ווי געפּלעפט).

צווייטע זקנה:

וואוילע, וואוילע יונגען, וואוילע מאַרעוויכער,
לאָזט זיך ניט נעמען פון אים אויף זיכער!

די וואוילע יונגען:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ הולך?
— וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג?
— וואָס איז דאָס: שוואַרץ צי בלוילעך,
צי גרין גאָר ווי אַ שלאַנג?

(די וואוילע יונגען דערשרעקן זיך און אַנטלויפן. די צווייטע זקנה גייט ווייטער פון שוועל צו שוועל און פון טיר צו טיר. דער קוימענקערער בלייבט אין הינטערגרונט, פּאָכעט מיט די הענט, ווי ער וואָלט עמיצן געוואָלט אַרויס־רופן. הערט אויף ווען דאָס פאַרליבטע פּאָרל באַווייזט זיך).

זי:

דער טאַטע האָט מיך געוואָלט בינדן צום בעט.
די מאַמע האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט.

כ׳האָב געבענקט נאָך דיין אָטעם און דיין באַריר
און אָן אַ זיי־געזונט פאַרקלאַפּט די טיר.

ע ר:

איך האָב אויסגעמאָסטן די גאַנצע שטאָט.
די לבנה האָט באַגלייט מיך טראָט נאָך טראָט
און פּלוצים באַהאַלטן זיך — טרויעריק און קאַלט —
אין וואַלדיקן שאָטן פון דיין געשטאַלט.

ז י:

פאַרגעם די לבנה, לאָז זי צורו —
ס׳איז קיינער ניטאָ דאָ, נאָר איך און דו.
דער מאַמעס טרער, דעם טאַטנס רוט
האָבן ניט קיין שליטה אויף מיין בלוט.

ע ר:

די קראַנקע נאַכטוואַנדלערין, די געלע צויג,
האָט זיך אַריינגעגנבעט אין דיין אויג —
די בלויע ווייסלען אָנגעפילט
מיט גרינעם סם. זי בילט און שילט
און לאָזט מיך ניט צורו.

ז י:

ס׳איז קיינער ניטאָ דאָ, נאָר איך און דו.

דער קוימענקערער:

ס׳איז איצט די לעצטע אוּנטיקע שעה —
דער סאַרנעס אָטעם שמעקט אפילו דאָ.
דער סאַרנעס טלאָען האָבן אויסגעברענט
אַ שמאָלן שליאַך אין שטיין און אין צעמענט.
די סאַרנע האָט די הערנער אויסגעשפּרייט,
ווי דוכנדיקע פינגער, אין דער אייביקייט.

איצט ווייס איך וואָס איך וויל און וואָס איך זוך...
די ליבשאַפט קלויצעט איר פאַרשיכורטן גערוך...

(ער שפּרייט אויס זיין שאָטן אויף די געליבטע).

זי:

וואָס איז געשען, וואָס איז געשען, געליבטער מיין?

ער:

איך ווער פאַרצערט אין דיין לבנה־שיין.

(ער שטאַרבט אין אירע אָרעמס)

זי:

דער טויט קומט ווי אַ שאָרך
און ניט מיט אַ געוויטער,
וואָס שפּרענקלט הייסן פאָרך
אויף שניידנדיקע ריטער.

דער קוימענקערער:

די ליפּן ווערן בלוי,
די באַקן אָנגעבלאָזן.

זי:

דער טויט פאַלט שטיל ווי טוי
אויף וויאַנעדיקע גראָזן.

דער קוימענקערער:

דאָס פלייש ווערט האַרט און שוואַרץ
און שפּייז פאַר בייזע ראָבן.

זי:

געליבטער, אין דיין האַרץ
וועל איך מיין האַרץ באַגראָבן.

דער קוימענקערער:

אין אָזערעס, אין זומפּן און אין ווייסטעניש,
ביי עקדישן, ביי פּיפּערנאָטערס און ביים ווײַזלטיר —
האָב איך געזוכט, געבלאָנדזשעט און גענישטערט,
ביז ס׳האָט דער סאַרנעס שפּורן מיך דערפירט צו דיר.

אין ווילד געפלעכט פון פעלזן און אין פינצטערנישן,
אין שלאַקס רעגנס, אין זאַווערוכעס, אין היץ און אין געפריר —
האָב איך געזוכט, געבלאָנדזשעט און גענישטערט,
ביז ס׳האָט דער סאַרנעס אָטעם מיך געבראַכט צו דיר.

זי:

(זעט ניט און הערט ניט דעם קוימענקערער):

איך וועל דיך טראָגן אויף די הענט
ווי אַ מאַמע אַ קינד.

דער קוימענקערער:

דער פלאַם האָט אויסגעברענט.
ביסט מיין אַצינד!

(ער גלעט און קושט אירע באַקן, נאָר זי פילט גאָרניט).

זי:

זאָל דער טאַטע שלאָגן,
זאָל די מאַמע קלאָגן,
זאָלן מענטשן זאָגן:
זי איז געווירט.

דער קוימענקערער:

דער סאַרנעס טלאָען האָבן מיך ווידעראַמאָל פאַרפירט!

זי:

די קאַלטע גאַס וועט איצטער זיין מיין היים.

דער קוימענקערער:

די הויט איז, דוכט זיך, ווארעם, נאָר עס שמעקט ווי ליים.

(עס קומען אַריין די זקנות, באַלד נאָך זיי די וואוילע יונגען. דער קוימענ-קערער קריכט אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ לאַמטערן. די זקנות און די וואוילע יונגען רינגלען אַרום דאָס פּאַרליבטע פּאָרל און ווייסן באַלד אַז ער איז טויט).

די זקנות:

מיר האָבן געוואוסט נאָך פון גאַנץ פרי
אַז דער טויט לויערט אויף אונז דאָ-הי.

מיר האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך געגרייט
און שפּאָגל נייע תכריכים געניייט.
מיר וועלן אים וואַשן און גאָלן די האָר —
דער טויט מוז זיין דורכזיכטיק, ריין און קלאָר.

די וואוילע יונגען:

מיר האָבן פאַר קיינעם קיין מורא נישט,
נאָר ווען דער טויט שטאַט-אַפּ אַ וויזיט,
זיינען מיר גאָר קיין גבורים נישט
און מיר ציטערן אויף פון זיינע טריט.

מיר ווילן אַנטלויפן נאָר מיר קענען נישט.
ער האָט אונז געבונדן מיט אייזערנע שטריק.
אפילו די באָבעס ווייסן אַז מיר זיינען נישט
די זעלבע וואוילע יונגען ווי מיט אַ שעה צוריק.

(זיי נעמען דעם טויטן אויף די הענט און טראָגן אים אַרויס, באַגלייט פון די זקנות, וואָס הערן ניט אויף צו מורמלען פאַרשיידענע שפּרוכן. נאָר די צווייטע זקנה בלייבט איבער און גייט ווידער פון שוועל צו שוועל און פון טיר צו טיר. אַלץ געשעט ווי אין אַ חלום).

דער קוימענקערער:

(שפּרינגט אַראָפּ פון לאַמטערן):

פון קאַרשנביימער פאַלט אַצינד דער צווייט
און פונקען שפּריצן פון דער סאַרנעם טלאָען —

פאַרחלשט װעל איך װידער נאָכגײן אירע טריט
און אײנזאַפּן איר אָטעם אין שפּעט-אָװנטיקע שעהן.
איך װעל װידער אַנטלױפן פון דעם עולם התהו,
װאו אַ בױם איז קײן בױם ניט און די גרױע
הימלען האָבן איבערגעצױגן
מיט אַש און סאַזשע מײנע אױגן.

איך װעל זיך װידער אומקערן צו יענע מקומות
װאו אַ טײך איז אַ טײך און אַ בױם — אַ בױם איז,
װאו דאָס אױג איז לער און די חלומות לערער
און יעדע גאַס האָט אַ קוימענקערער,
אַ האָלצהעקער און אַ װאַסערטרעגער
און אַ שטאָט-משוגענעם, אָן אַ געלעגער.
װי קום איך אַהער דאָ, װער דאַרף מיך דאָ האָבן?
די ערד איז צו שװער דאָ מיך צו באַגראָבן...

ערשטער כאָר:

די בלאָע אָװנטיקע שעהן
פאַלן װי צעבראָכן גלאָז —
דער סאַרנעם טליענדיקע טלאָען
פליען איבער הײסן גראָז.

דער אָטעם — זיס װי צוקערקאַנדל,
דאָס מױל — אַ בליענדיקע רױז,
און װי אַ פלײשיק-ברױנע מאַנדל
לױכט איר גליענדיקע שױס.

צװײטער כאָר:

דער סאַרנעם טלאָען שפּרינגען
אַריבער דעם העכסטן קוימען —
זײ װעלן אונז פאַרזינגען
אין פיאָלעטע טרױמען.

דער װינט װעט שטענדיק װײען,
די רױז װעט שטענדיק לאַכן —
אין די שטײנערנע אַלײען,
אױף די זון-צעגליטע שליאַכן.

# מיט דער
# לינקער האנט



## פעניקס

װיפֿל קען איך האַלטן אין דער זשמעניע ?
אַביסל קופּער, אַביסל זילבער, אַביסל גאָלד.
ניט דאָס האָב איך געװאָלט. איך האָב געװאָלט :
אין גרויען אַש פֿון מײַן אימעניע
דער פֿויגל מיט די אויגן בלוי װי שטאָל
זאָל פֿלוצים זיך צעזינגען װי אַמאָל.

# חלום

אַ חלום דראַפּעט זיך אויף גלייכע ווענט:
אַ בילד צעהאנגען מיטן קאָפּ אראָפּ,
אַ ווינט וואָס לויפט קאַפּויער,
אַ וואַסערפלאַך וואָס ברענט,
אַ קוימען אויסגעשטרעקט הינטער אַ מויער,
אַ קאַליקע וואָס לויפט גאַלאָפּ.
און דו וואו ביזט?
איך פרעג אומזיסט.

# צו אַ וועגווייזער אין ירושלים

פיר מיך ניט, כ'וועל אַלץ אַליין געפינען.
איך בין דאָ אין דער היים — האָב עס אינזינען.
איך וועל ניט בלאָנדזשען, איך וועל ניט דאַרפן זוכן,
מיין נאָז גייט נאָך די טונקלסטע גערוכן.
דער קאָפּ איז צוגעוואוינט צום האַרטסטן קישן,
דאָס אויג צו אַלטע פינסטערנישן
און קאָרקנציערישע פּיאות אויף פאַרדאַרטע
פּנימער פון די נטורי קרתא.

# ליד

איז דאָס אַ ליד
דאָס דאַזיקע געשריפּט
שאָרסטקע גאַמען
גראַמען און פאַלעלאָגראַמען
קינדעריש פאַבליפּט
טאַרעראַמען

איז דאָס אַ ליד
דאָס דאַזיקע צעגוס
אַלטע טראַנטעס
דאַנטעס און אַנדאַנטעס
תרגום אונקלוס
דערמאָנט עס

איז דאָס אַ ליד
דער דאַזיקער געשאָרך
פרעמדע פּענעס
וועגוס און אויך הידראַגענעס
אַביסל פאָרך
פון צאינה וראינהס

איז דאָס אַ ליד
דער דאַזיקער מישמאַש
גאַמען גראַמען
דאַנטעס און אַנדאַנטעס
טוכלער אַש
פון אַלטע טראַנטעס

## וויז־אַ־ווי

לאָמיר זיך אַנידערזעצן. וויז־אַ־ווי
איז לייכט צו שווייגן און צו טראַכטן,
אָפּלאָזן חשבונות און פֿאַרדאַכטן
און דאַכטן אַז גאָטס קיניגרייך איז הי.

דער חלף ליגט אונז אויפֿן האַלז
און הענגשטריק וואַרטן אויף די בוימער
פֿאַר פּאָעטן און פֿאַר טרוימער.
לאָמיר אויסשווייגן דעם לעצטן וואַלץ,

דאָ באַם טישל וויז־אַ־ווי,
ווייט פֿון מעקלערס און פֿון הורן,
און ווייט פֿון זייערע זין, די טרובאַדורן —
די הייליקע און מאַלעגיירנדיקע קי.

## מיין שונא דער וואַגאַנט

איך האָב אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט
צווישן מיר און וואַגאַנט,
נאָר דאָרט וואו די וואַנט איז דין
הער איך קריכן די שפּין
און דעם כּלבֿ'ס בילן נאָכאַנאַנד.

איך האָב פאַרשפּאַרט די טיר
צווישן וואַגאַנט און מיר,
נאָר פיר מאָל אַ וואָך
שפּרינגט אַרוים די מויז פון מויזנלאָך
און מאָנט שיריים באַם גביר.

דער וואַגאַנט מיט טמא הענט
האָט געוואָרפן ברוד אויף אַנדערע ווענט,
נאָר איידער ער וועט וואַרפן ברוד
און שטיינער אויף מיין האָב און גוט
וועט ער צעפּאַלן — פון מיין פלאַם פאַרלענדט.

# אין אונזער אַלקער שטומט דער סאָלאָוויי

בריִדער, מיר ווערן וואָס אַמאָל אַלץ מידער, מידער.
די רויז וואָס האָט אַמאָל געבליט ביי אונזער הויז
איז איצט בלויז ח ו ז ק אין אונזערע לידער.
אין אונזער אַלקער שטומט דער אָנגעשטאָפּטער סאָלאָוויי.
דער קראָ׳ס געקריי טוט אונז שוין מער ניט וויי.
מיר ווערן וואָס אַמאָל נאָר מידער, מידער
פון דעם קידער ווידער.
דער שניי צעגייט אין אונזערע געבליטן,
דאָס וואָרט דרימלט אויף דער שלאַפער ליפּ,
די קאָסע פאַלט איצט אויף דער זיבעטער ריפּ —
די אַנדערע זיינען שוין פון לאַנג פאַרשניטן.

# פירערס

די קעפּ שפּאַרן אונטער די וואָלקנס,
די מינעס פאָדערן מען זאָל אייך אירצן.
די קליידער שמעקן מיט נעגעלעך
און אויסלענדישע געווירצן.

פון זעלבן האַלץ וואָס די עקדה
איז אויסגעטעסעט אייער מעבל.
אייערע פיסנבענקעלעך זיינען
די נאָכגיביקע רוקנס פונעם פעבל.

איר צירט זיך אין פּאַווע־פעדערן,
יעדער שמייכל ווערט געמאָסטן און געוואויגן.
איר לייגט אונטער פייערן
מיטן פאַלשן שוועבל פון אייערע אויגן.

דאָס פייער וועט פלאַקערן
ביז עס וועט מער ניט קענען —
די אונטערגעצונדענע פיסנבענקעלעך
וועלן אייך פאַרברענען.

# די באָבע און דאָס אייניקל

י

די באָבע קוויקט זיך מיט אַ טעפּל ציקאָריע
און דאָס אייניקל באַזינגט די גלאָריע פון דער באָבעס היסטאָריע.
דער זיידע שמעקט טאַבעק און הוסט און כראַקעט,
די מאַמע מעסט אוים דעם מאַרק און קראַקעט,
דער פעטער פייוויש לויפט אַרום צעדולט
און דאָס אייניקל איז מיט גלאָריע איבערגעפולט.
דער טאַטע מעקלערט מיט קי און מיט קעלבער,
די שוועסטערקינדער מעסטן געוואַנט אין געוועלבער —
און דאָס אייניקל שווערט: ער איז אַ צדיק, ווי יוסף איז,
און ציט זיין יחוס-בריוו פונעם בעל-תוספות.

# אַלטע לידער

ווידער די לבנה,
די שטערן — ווידער,
אַזוי ווי אין אַלטע
פֿאַרוואַרלאָזטע לידער.

אַזוי ווי ביי פּרוגן
און ראָזענפֿעלדן,
אַזוי איז דער הימל —
מיט רעספּעקט צו מעלדן.

דאָס טייכל פּרעפּלט
אַ גמרא ניגון.
ווי צו שמונה עשׂרה
די ביימער זיך וויגן.

מיט מקווה־וואַסער
טריפֿן די פּיאות.
דער ווייַ איז בלאַסער
ווי דאָס ווייס פֿון אַן איי איז.

די זשאַבעס קוואַקען,
די זשוקעס זשומען —
און דיכטער באַלאַקען
פֿאַר דריי גראָשן מזומן.

# בלאָטעס

איך ווייס ניט וואָס דער אונטערשייד איז
פון מיר ביז מיינע ביידע זיידעס.
די זעלבע טונקל-ברוינע אויגן,
די זעלבע נאָז, אַ ביסל אויסגעבויגן,
די זעלבע פּלייצע און דער זעלבער שטערן,
די זעלבע ליפּן — פול ווי מאַנדלקערן.

איך טאָפּטשע אין די זעלבע בלאָטעס
פון ליבשאַפטן און פון חרטהס
און ווי זיי — אין אַקעווויט,
בין איך פאַרליבט אין אידיש ליד.

## ווי היינע

איך בין ניט קיין קריגער, איך בין ניט קיין שלעגער,
ווי היינע שפּיי איך אויס די גרינע גאַל אויף אַ פרעמד געלעגער.
ווי די פליג ביי טיטוסן — זשומעט, זשומעט
אין מיינע אויערן דער אומעט.

ווי מאָך און ביטערגראָז, גרינען
געשטריקטע בלומען אויף די גאַרדינען.
און דאָס שטיקל זון פון פענסטערבויגן
וואַרפט אויסשיט-פלעקן אויף מיינע אויגן.

## *My Country 'tis of thee...*

דו טראָגסט אונז אונטער ביטערע קרייטיכער
צו יעדן מאָלצייט וואָס מיר עסן.
דו לאָזט אונז ניט פאַרגעסן.
אפילו דאָס זעמלמעל און פוטערגעבעקס
באַשפּרענקלסטו מיט גאַל
פון אונזער אייגענעם פאַנאַנדערפאַל.
על נהרות בבל האָבן מיר נאָך געקענט וויינען —
דאָ וואו מיר וואוינען זיינען אונזערע אויגן לער.
מיר וויינען ניט מער.
נאָר ביטערע קרייטיכער מערן זיך אויף אונזערע טישן
און מיר רופן צו דיר — ניט פון טיפענישן, ניט פון פינסטערנישן:
— זאָלן די גרינסן ווידער זיין זיס און ניט פאַרסמט,
זאָלן די ברויטן ווידער זיין קרוכלע און באַטעמט,
ווי האָניק, פריש פון דער בין,
זאָל ווידער זיין די באַר, דער אַפּעלסין,
און אַלע אַנדערע פירות פון דעם מין.
זאָל דאָס וואַסער ווידער זיין אַ היילונג אויפן גומען
און מיר וועלן דיך לאָזן צורו און שטומען —
לעולם ועד.

## פאַר די הינט

איך וויל ניט מער,
איך האָב גענוג.
פון נאָך איין טרער
גייט איבער דער קרוג.

ס׳איז ניט ווי וויין
און עס וועפּט ניט אויס,
ווי לבנה שיין
אויפן שוועל פון הויז.

איך בין ניט דער ווינט,
איך בין דער קרוג.
זאָלן זשליאָקען די הינט —
ס׳איז דאָ גענוג.

# נביאים

איר זענט נביאים, איר וויינט ווי ביבערס,
איר דוכנט ווי כוהנים, מיט אויגן שטאַר פאַרגלייזט —
נאָר אין דער דולער איינזאַמקייט פון אייערע שטיבער
געפינט איר אין דער וואונד די מילדערונג פון טרייסט.

איר זענט דאָס ליכט, איר זענט די פייערזיילן,
דאָס פאָלק פאַלט אויף די קני פון אייער רוף —
נאָר אין דער דולער איינזאַמקייט פון אייערע פיר איילן
גליען בראַנדיקער די גוליעס און די ביילן
און הייליק לויכט די זאַלב אויף אייער גוף.

# אונזער גאַנג

מ. גייגרעשלען

דאָס איז אונזער גאַנג:
די סטעזשקע פון געזאַנג.
דאָס זיינען די טריט:
זילבן פון אַ ליד.

מיר הערן אַ געבריל
ווען שטערן שלייכן שטיל
און טראָגן אין די הענט
די וועלט — האַלב אויסגעברענט.

מיר זיינען אין געפּאַר
פון חכם און פון נאַר —
דער ערשטער לאַכט אונז אויס,
דער צווייטער טרייבט פון הויז.
און בייזער חוזק שפּאַנט פאַרסמט —
„דער טייפל קומט און פּאָוסטוס איז פאַרדאַמט."

# אין בלענד פון שווערד

איך גיי פֿאַרביי
אייער מאָכיק הויז,
ווי דער רויש פֿון מײַ
ווען דער ווינט איז גרויס.

אַזוי ווי דער בלענד
פֿון אַ הייסער שווערד,
איז מײַן בליק געווענדט
אויף אייער ערד.

איר גייט אַרום
מיט טריט פֿון שרעק,
דעם ווינטס געברום
טראָגט אייך אַוועק.

דער דאַך פֿון שטרוי
איז, ווי די שוועל,
באַדעקט מיט הנוי
פֿון אייער זעל.

# אַלטע בלעטער

איך האָב אָפּגעשפּאָרט אַ קאַלטע מינע
צו מיין זיידנס סידור, צו מיין באָבעס תחינה,
די אַלטע בלעטער פּלעגן שמעקן
מיט טאַבעק און מיט טרערנפלעקן.
מיין אויג האָט אויסגעגלעט די הרודעס
פון האַרבע ווערטער און נקודות.

איצט טרעט איך אויפן גלאַטן שניי
באַם הויז פון סטעפאַן מאַלאַרמיי.
און ווען תחינות און סידורים ברענען
מורמל איך סטראָפן פון ווערלענען.

## צו אַ קריטיקער

זשום, זשעדנע פליג, און זוך
אַן אויסגאַנג פון דיין דולן קרייז
אין שוואַרץ און ווייס פון בוך,
וואו יעדעס פלאַטערדיקע אות
איז זאַקרויב פאַר דיין ניוך
און שפייז פאַר דיין פאַרדראָס.

## איז דאָס דיזעלבע ווערבע...

איז דאָס דיזעלבע ווערבע,
איז דאָס דערזעלבער טייך?
מיין חלום איז אַמאָל
געהאנגען איבער אייך.

די צווייגן אָפּגעדאַרט,
דער שטאַם צעשטערט,
דער הימל נידערט
ברודיק און פאַרטרערט.

איז דאָס געווען אַ חלום,
איז דאָס געוואָרן וואָר?
עס שווימען אויפן וואַסער
מיינע גרויע האָר.

# אָן אַ פּאַרוואָס

אָן אַ פּאַרוואָס איז ער דיך, בוים, באַפאַלן.
אין זיינע גיריקע אויגן איז דיין רוישנדיקער צווייט
אַרומגעשוואומען ווי אין אַ טייך פון שטראַלן.
די מעסערס וואָס ער שאַרפט זיינען קיין מעסערס ניט.

אָ, קליינע ווערטער, אָנמעכטיקע, בידנע,
איר גייט אים נאָך און איר באַגלייט אים טריט נאָך טריט,
מיט פייכטע מיילער און מיט אויגן זלידנע.
די שטיינער וואָס ער וואַרפט זיינען קיין שטיינער ניט.

ווי שיין דו בליסט איצט, בוים, און ווי געראָטן
דיין יעדע מינע איז און גליד אין גליד.
ער מוז אַן אייפעריקער אומגיין אין דיין שאָטן —
די ווערטער וואָס ער וואַרפט זיינען קיין ווערטער ניט.

## צו ש. א.

די שוואַרצע פּענעם אין דיין טינטער
שטומען ווי טמא צלמים אויף אַ צווינטער.

די טינט פליסט מיט דעם זעלבן אומעט
ווי פאַלשע טרערן באַם משומד.

דער טראָפּ פון יעדן וואָרט מיט שפּאָט איז —
האָסטו פאַרגעסן ווער דיין גאָט איז ?

## צו י. א. ו.

די קרוין מאַכט פֿלאַטשיקער דיין קאָפּ,
דאָס פּנים פֿרעכער און פֿאַרגרעבטער.
ס'איז פּוסט דער שטאָלץ וואָס שלאָגט זיך אָפּ
אין גאָלד פֿון טראָלדן און פֿון סצעפּטער.

דער ברוינער, וואַרימער בורשטין
פֿאַרבלאַסט אויף דיינע קרוכלע פֿינגער.
אויף טעפּיכער פֿון הערמעלין
ווערט שטום די שטים פֿון בעסטן זינגער.

די טויב האָט ליב דעם טויבנשלאַק,
די מוראַשקע דעם שטויב פֿון גריבער,
און דו — די הענטשקעס און דעם פֿראַק
און די גאָלדענע ציגל פֿון דיינע שטיבער.

## יידיש

די זאַפטן אָפּגערונען,
די ריטלעך אָפּגעהאַקט.
ווער וועט אונז געפינען —
צעוואָרפן אויפן טראַקט?

דאָס וואָרט איז אויסגעדראָשן.
דאָס ביסל גאָלד וואָס האָט
געלייטערט אונזער לשון
בלוטיקט אויפן עשאַפאָט.

די וועלט האָט אונז פאַרטריבן
אין אַ שטומער שטייג פון צער.
אין פרייד איז נאָר געבליבן:
ליובאַוויטש און סאַטמאַר.

# פינסטערע געוואַלט

נעם מיך, נעם מיך און באַהאַלט
אין דיינע שמאָלע רוימען, פינסטערע געוואַלט.
פיר מיך איבער זינקענדיקע טרעפּ,
דורך שטויב און פינסטערניש און שפּינגעוועב.
אָ, לייג אויף מיר דיינע קאַלטע הענט,
דעם פאַרשימלטן גערוך פון דיינע ווענט,
און פיר מיך, פיר מיך טיפער אין דער נידער —
אין די אָפענע קאַמערן פון דיינע גלידער.
איך גיי דיר נאָך ווי מיין אייגענער בליק
דעם בלינדן ווילן, געפּענטעט אין שטריק.
ווי אַ נאַכטוואַנדלער דעם שטומען רויש פון שטערן —
קען איך דיך פילן און זען און הערן.
און ווי דעם פינסטערן שאָטן אַ דערשראָקן געשטאַלט —
גיי איך דיר נאָך, אָ, פינסטערע געוואַלט!

# דער מוסרניק און דער מקונן

דער מוסרניק קען זיין געזונט ניט שוינען
און אין אַ האָריק העמד מוז אומגיין דער מקונן.
די אויגן ווי ביי סאָוועס צווישן צווייגן
און ווי די קראָען קענען זיי ניט שווייגן.
די שנאה שינדט די פּנימער מיט מעסער־ריסן
און פינסטערניש האָט זיך אין זייערע שטערנס איינגעביסן.
די הענט ווי ביי סטראַשידלעס, די פיס ווי רידלען,
די סלינענדיקע מיילער שילטן נאַר און זידלען,
און ווייל זיי האָבן ווערטער צו פאַרשווענדן
ווערט זיי גאָט יונגערהייט פאַרלענדן.

# דער גנב און דער חונף

ווער איז דיר ליבער, גאָט,
דער שלויער גנב וועלכער האָט
קיין מורא ניט פאַר טרערן פון דערשראָקענע קינדער,
דער כיטרע אונטערצינדער
וואָס לויערט פאַרן פלויט
און ברענגט פאַרלענדונג מיט און טויט?
און וועמען נענטערט מער דיין שנאה,
דעם חונף מיט דער שקרופּלדיקער מינע,
מיט האָניק אין די רייד און אויגן וואָס געפעלן
מיט זייער אונטערטעניקייט די לייט אין פלוישענע פאָטעלן?

דעם חונף ליגט באַהאַלטן
דאָס פרעכע מעסער אין די אויגנשפּאַלטן,
און מיט דעם סלינענדיקן סם פון זיינע ליפּן
גליטשט ער זיין שפּיז אַריין אין אַלע זיבן ריפּן.

## מאַקבעט

מאַקבעט, ביים פינסטערן טורעם, וואו שלייכסטו
מיט שכורע טריט און מאָרד אויף די בלוטיקע פינגער?
ווען עמענס שאָטן — און דער מאַנטל שאַרלאַך,
און די לבנה טריפט
גרינעם גיפט
אין דיינע אויגן, אין דיינע האָר,
אין דיינע אָדערן און מוילווינקלען.

מאָרד שלייכט אויף גרינע פיס
און פון זיינע פלייצעס דער הויקער
גרויט די ווענט כאור הבוקר,
און דער ווייַן ביטערעזים, ביטערזים,
רינט אין קאָפּ און אין די שמאָלע פינגער
פון זיינע הענט און פיס.

## אין גרינעם מאָך פון ווינט

איך קען ניט איבערטרייבן,
איך מוז עס זאָגן פּראָסט:
פון מיר וועט איבערבלייבן
בלויז שטויב וואָס האַרבסט פאַרבלאָזט.

אין מיינע אויגנלעכער
וואו ס'האָט מיט ווי געוויינט,
דער ווינט פון אַלטע דעכער
האָט גרינעם מאָך געשפּריים.

איך זע שוין ניט די שטערן,
דער מילכוועג צערינט
אין הייסן פלום פון טרערן,
אין גרינעם מאָך פון ווינט.

## וואָרט און טאַט

ס'איז ניט דאָס וואָרט וואָס בענקט אַהיים
און ווערט פאַרלאָרן אין זיין צוריק־קער,
אַזוי ווי אַ קערן אין פייכטן ליים —
נאָר ניט דאָס וואָרט איז איצט דער עיקר.

עס איז די טאַט וואָס ווי אַ שווערט
לויערט שטענדיק אונז צו קעפּן,
און נאָך איר אויף דער קראַנקער ערד
מוזן מיר זיך אייביק שלעפּן,

זען דעם גליענדיקן שראָם,
די זון, אויף זינקענדיקע זומפּן,
און די לבנה — ווי אַ לאָם —
אויסגעצערט און איינגעשרומפּן.

און נענטער, נענטער קומט די טאַט,
די שווערט פאַלט אויף די הייסע גלידער.
די שטערן שרייען אויס: פאַרראַט!
און פאַלן טויטע אין דער נידער.

# ביסלעכווייז שטאַרבן

ביסלעכווייז שטאַרבן, מיט טויזנט טויטן,
יעדער טויט וועט דויערן איין מינוט.
מיין הויט וועט צעפּאַלן ווי פאַרוויאַנעטע שויטן
און מוטנע וואַסער וועט ווערן מיין בלוט.

יעדער שטיין אויף דער גאַס וועט זיין מיין קבר,
מיין לעצטער הויך וועט בליען אויף יעדער שויב.
אין די שכנים דערקען איך מיינע באַגרעבער —
זיי לויערן אויף מיר ווי חיות אויף רויב.

די בלומען, די שטערן און די פרויען
וואָס שווימען אין די טייכן פון מיין בלוט —
וועלן זינקען אַזוי ווי אין אַ זומפּ אַ גרויען
און שטאַרבן מיט מיר אין דער זעלבער מינוט.

## געשפּענסט

דער דינער זאַפּט פון ווילדן קרייטעך
מיט גרינעם גיפט מיינע בלוטן מישט.
גוטס אויף שלעכטס, ווייס אויף שוואַרץ פאַרבייט איך,
און האָס האָט מיין געוויסן אָפּגעווישט.

מיין שיף געאַנקערט אין אַ פרעמדן באָרטן,
דער קאָמפּאַס — ווי די מאַסטן — איז צעשטערט.
די ברוכשטיקער אין שליימיק וואַסער, בלומען אין מיין גאָרטן —
און זינדיק איז מיין יעדער טראָט אויף דר'ערד.

דער הייסער שוואונג פון מעוו און אַלבאַטראָסן
פאַרגליווערט רוט אין מיינע הענט און פּיס.
אין דער אַליי פון בייזקייט און פאַרדראָסן
בין איך ווי אַ געשפּענסט — שרעקנדיק און מיאוס.

# ליגן

ווער האָט אויפגעציטערט, אויפגערוישט פֿאַרווירט,
און ווער האָט מיט אַ ביטער מויל געשוויגן,
ווען וועלקע ווערטער האָבן אָנגערירט
דעם זינקענדיקן זומף, דעם ליגן?
אָ, ווילד געוויקס, פֿאַרקנעכטסט די פֿרייד
מיט האַרטגעקניפּטע און מיט שניידנדיקע צאַמען,
נאָך אויף מיין יונגן האַלדז האָט מיר דיין קייט
געשניטן צייכנס און געזיגלט פֿליאַמען.
אָ, דאָרנבוים מיט וואָרצלען גרינעם גיפֿט
אין מיינע אָדערן ווי גליענדיקע שניטן —
די אויגן שווינדלען און ווי שפּיגלשריפֿט
צערייצטע ווערטער זיינען אָנגעריטן
מיט פֿרירנדיקן אָטעם פֿאַר מיין טיר
און טויט געבליבן ליגן איבער מיר.

# אַנטלויף פון דער לבנה

אַנטלויף פון דער לבנה —
מייד זי אויס.
אין איר שיין וועסטו וויאַנען
ווי אַ פאַרדאַרבענע רויז.

ווי אַ רויז וועסטו קרענקען,
ווערן בלייך און דאַרבן.
פון צופיל בענקען
וועסטו יונגערהייט שטאַרבן.

די לבנה וועט טריפן
מאָכיקן גיפט.
אין דיינע קנאָכיקע טיפן —
הער ווי עס טריפט.

באַהאַלט דאָס פנים,
די אויגן פאַרמאַך.
הער: די לבנה
האָט זיך פרעך צעלאַכט.

## פאַר אַלע נאַקעטע זאַכן

פאַר אַלע נאַקעטע זאַכן: דער געדאַנק
איבער אַלע טורעמשפּיצן ווי אַ דימענט —
זון, לבנה און שטערנשטויב,
די אויגנווייסלען ביי איינער וואָס איז קראַנק,
איר הייסע טרערנקראָפּליע אויף דער שויב,
אירע פלאַטשיקע בריסט, ווי קראָפּיווע בלעטער
אויף שטומע גריבער:
פראָסטרויזן און טויטנפיבער.

פאַר אַלע נאַקעטע זאַכן: דאָס אויסגעוואָרצלטע וואָרט
וואָס שפּאַנט הפקר און אויפגעדעקט,
גליט ווי די שאַרף פון האַק אויף ביימערקאַרבן,
ווי די זון וואָס וועט קיינמאָל ניט שטאַרבן.

פאַר אַלעמען, פאַר אַלעמען: די רויז
וואָס בליט אין דיין זעכצניעריקער שוים.

# בריוו צום
# ניו יאָרק פון
# דער פרעמד

איך האָב דיר געשריבן לאַנגע בריוו
פון רוים און תל אביב,
פון ווין און אַמסטערדאַם
און פון אַ קליינער ווילע באַם אַדריאַטישן ים.
אין פּאַריז אויף אַ שכור'ן בולוואַר
און אין וואַרשע אונטער אַן אויסגעלאָשענעם פּאַנאַר.
(אויף רחוב ירקון און אויף שאַנס עליזיי
איז מיר אויסגעגאַנגען דאָס האַרץ נאָך איסט בראָדוויי.)

איך האָב דיר געשריבן לאַנגע בריוו
אויף אַ דזשעט און אויף אַ זעגלשיף,
אויף פּליושבענק פון ציריך־בערלינער באַן
און אויף האָרבעס פון אַ קעמל־קאַראַוואַן.
דיר ניט שולדיק געבליבן קיין איינציק וואָרט —
אַפילו אין בלינדן נעפּל פון אַ פאַרוואָרפענעם פּאָרט.
(אין די טונקעלע ד׳ אמות פון פויפסט
האָב איך געבענקט נאָך וויליאַמסבורגער שבת־אויבסט.)

איך האָב פאַרענדיקט די לאַנגע בריוו
שטענדיק מיט: איך האָב דיך ליב.
איך האָב דיך ליב ביזן מאַרך פון ביין —
כאָטש איך ווייס אַז אפילו דו וועסט מיך ניט פאַרשטיין.

## האָטעל אַמבאַסאַדאָר, פּאַריז, סעפּטעמבער 1958

עס רעגנט, רעגנט, רעגנט נאָכאַנאַנד,
דער רעגן נעצט די ווענט און דעם סופּיט.
איך וויש די שויבן מיט אַ מידער האַנט
און זע: די גרעלע ליכטער האָבן אָפּגעבליט.

פון ווייטנס קלינגט אַ הייזעריקער גלאָק.
אָפּגעריסענע אַפּישן ברענגט דער ווינט
אַהער צום פענסטער אויפן לעצטן שטאָק —
פאַרווישטע אותיות וואָס שטאַרן שטום און בלינד.

•

איך עפן אויף דאָס פענסטער צו פּאַריז:
די גאַנצע שטאָט איז איין צעוויינטע טרער
וואָס וואַשט די מערמלשטיינערנע און בלייכע פּים
פון די פּאָעטן — היינע און באָדלער.

## פּלאַס פּיגאַל, פּאַריז, סעפּטעמבער 28

ישראל לאָנדאָנער

דזשאַז און „בלוס” און ביליקער אַבסינט.
צעשטויסטער שטויב פון גרוי און געלע ליכטער
שיילט אָפּ די שאָלעכץ פון באַמאָלענע געזיכטער,
ווי בלעטערוואַרג צעשײַנדט פון האַרבסטיק־וויאַלן ווינט.

אַ גרין געלעכטער שפּאַלט דעם אײַנגעקראַמפּטן רוים.
ווי קלאַפּערשלענג די אויפגעפלאַמטע צינגער
רײַסן זיך און צישען צו דעם קאָנגאָ־זינגער,
וואָס שטרעקט, ווי פּיאָלעטע צווײַגן פון אַ בוים,
די דינע קאָרקנציערישע פינגער.
די ליפּן שיפּען מיט אַ בלעזלדיקן שוים.

פראַנק און פריי געוועלטיקט דאָ די פרייד.
ציגאַרנרויך און שווייסגעווירצן פון בראַזירן.
די סאַקסאָפּאָנען יאָמערן און אַ טרומפּייט
שנײַדט שטעגן צו דער הייל פון מײַן געהירן.

## ווינער רינגפּלאַץ, אָקטאָבער 3

דאָ האָט היטלער אויך געברילט.
אפילו איצטער איז זיין קול ניט איינגעשטילט
און ריטשעט — ניט דורך מעגאַפאָנען
און ניט פאַר בלוטפאַרשכורטע מיליאָנען,
נאָר פון איעדן גרויען שטיינגעבוי
און יעדער מילדפאַרנייגנדיקער פרוי.
אפילו איצטער איז די דאָנוי ברוין, ניט בלוי.

און איך בין דאָ. עס קריכט די שרעק
ווי דינע שפּינעגפים אין מיינע ביינער
און ווי די גיפטפלאַנץ אויף די דענקמאָל-שטיינער.
און דו, מיין ליב ניו יאָרק, ביזט ווייט אַוועק.
ס'איז פריער הארבסט. די געצן גלאָצן,
ניט ווי די כוואַליענדיקע ליכטער אויפן האָדסאָן,
נאָר ווי די שדים אין אַ שפּעטער צווינטערדיקער שעה.
וואָס טו איך דאָ?

## האָטעל טיראָל, ווין, אָקטאָבער 4

וואו בין איך געלאָפֿן און פֿון וועמען
בין איך אַנטלאָפֿן און פֿאַרוואָס?
ווען מען זאָל קענען מעסטן טרויער מיט אַ מאָס,
וואָלט איך זיך גאָרניט וואָס געהאַט צו שעמען.

כ'האָב ניט געוואוסט ביז איצט וואָס איך פֿאַרמאָג,
וואָס דו האָסט מיר געגעבן אין מיין לעבן.
ווען מען זאָל קענען וועגן טרויער אויף אַ וואָג,
וואָלט איך געהאַט אַ סך אָוועקצוגעבן.

דו האָסט מיט גינגאָלד אָנגעפילט מיין שייער
און איך האָב אויסגעביטן עס אויף ברוד.
ערשט איצטער ווייס איך ווי דו ביזט מיר טייער,
ערשט איצטער ווייס איך אַז דו ביזט — מיין בלוט.

## ווינער פּראַטער, אָקטאָבער 5

עמלק האָט מיט שפּיז און שווערט
דאָס יידיש האָב און גוטס פאַרצערט,
מיט פלאַם, מיט גאַז און מיט סם
געוואָלט פאַרטיליקן דעם שטאַם
פון יעקב׳ס קינדער אויף דער ערד.

דער קיילער, דער שינדער,
דער אונטערצינדער
פון גרויס און קליין,
פון יונג און אַלט,
פון אַלץ וואָס איז געוועזן שיין,
פון אַלץ וואָס איז געוועזן ריין —
דער האַר פון גרויל און פון געוואַלט
האָט אָנגעטאָן אַנאַנדערע געשטאַלט.

אונטערן זייַדן העמד, דעם פאַרביקן קראַוואַט
און דעם טיראָלער טונקלגרינעם הוט,
זע איך דאָס גיפטיק-ברוינע בלוט
אין זידנדיקן קעסל פון פאַרראַט
וואָס וועט דערגרייכן באַלד צום ראַנד
דאָ, אין עמלק׳ס ערשטן פאָטערלאַנד.

— אין זיסן שמייכל פון די אויגן
זע איך די פיילן פון אַ פייערבויגן.

## רוים, אָקטאָבער 6

שלאָף איז מיר ליב. מער ווי אַלץ וויל
איך ווערן שטיין און שאַנד צעשטערן.
דאָס רוף איך גליק: ניט זען, ניט הערן.
ניט וואַג וואָס אויפצואוועקן. רייד שטיל.

אַ שטאָט פון נאָנעס, איקאָנעס און מאַדאָנעס,
גלחים אין ברייטראַנדיקע און שוואַרצע היטלען
און לאַנגע אָפּגעבליאַקעוועטע קיטלען,
פון שלעפּעריונגען און פון מיקלאַנדזשעלאָ,
אין אַ פאַרנאַכטיק-באַנגער שעה פון דאָ און פון ניטאָ.

אַלץ וואָס לעבט איז אויף געמעלן און אויף שטיין.
קענסט אָנרירן און שפּירן פלייש און ביין,
אויגן, ליפּן, קינבאַקן און האָר —
נאָר אויף אַלטע ליינוונטן און אויף מאַרמאָר.

פון אַלע ווינקלען: אַלטערטימלעכע גערוכן.
פון אַלע זייטן: פּאַטריצער און יעוונוכן
און — מיקלאַנדזשעלאָ
אין דער פאַרנאַכטיק-באַנגער שעה,
וואָס דרינגט איצט מיט איר שווערן שוואַנגערבלאָ
אַלץ טיפער אין מיין אומעט.
די פליג אין טיטוס אויער זשומעט נאָך און זשומעט.

## רוים, אָקטאָבער 7

איך האָב געפונען אַ פּאָר אַלטע שיך
אויף אַ פאַרוואָרפן געסל וואו אין רוים.
באַ וויאַ לאַביקאַנאַ — דערמאָן איך זיך.
דאָס אָרט: אין שאָטן פון אַן אָפּגעלעבטן בוים.

די בענדלעך זיינען שוין געווען צעפליקט,
די זוילן הויל און ווי די מיילער ברייטצעפראַלט,
די נאָזשפּיצן ווי מיט געוואַלט צעדריקט
און די אָפּצאַסן האָבן געליזיכטיק געשטראַלט.

עס איז געווען אַ שעה פאַר מיטן־נאַכט.
כ׳האָב ניט געוואַלט פאַרשפּעטיקן דעם טראַם,
האָב איך זיך אָנגעבויגן, ניט געטראַכט,
צום שאָטן פון דעם אָפּגעלעבטן שטאַם.

כ׳האָב אויסגעשטרעקט די פינגער נאָך די שיך,
נאָר באַלד איז מיר געוואָרן היים און קאַלט:
אַנשטאַט די צוויי פאַרפוילטע שיך האָב איך
געפונען זיך אַליין אויפן אַספאַלט.

# אינהאַלט

## דער סאַרנעם טלאָען



## מיט דער לינקער האַנט



## בריוו צו ניו-יאָרק פון דער פרעמד

